אַלע ווערק
פון
אברהם רייזען
אין 12 בענדער

# יובילעאום אויסגאַבע

דריטע אויפלאגע.



אברהם רייזען.

אכטער באנד:

# אָרימע געמיינדען.

אַרויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש"
1917 ניו־יאָרק תרע"ז.

# די אָרימע קהלה.

דאָס שטעדטעלע וואַינאָווקע, וואָס בעשטעהט פון פערציג הייזער און פינף און דרייסיג בעלי־בתים, ווייל פינף הייזער שטעהען לעדיג, וויעגט זיך, רוישט און קאָכט, ווי א קליין טיי־כעל ערב־פסח, ווען דער שניי צוגעהט. עס איז אבער ניט ערב־פסח. עס איז א וואָך פאר ראש־השנה, — א וואָך פאר ראש־השנה, און די קהלה האָט נאָך נישט קיין בעל־תפלה...

אין דעם נאָהנטען שטעדטעל יאַחנאָווקע, וואָס איז פיעל מאָל גרעסער פאר וואַינאָווקע, קען מען אפילו קריגען א בעל־תפלה און דוקא אַ רעכטען: מיט אַ האַלז, מיט אַ נעמבע און מיט חזנ'ישע שטיק, וויל ער אבער מען זאָל איהם גוט בעצאָהלען— און דאָ איז דאָס אונגליק! דאָס שטעדטעל וואַינאָווקע האָט געפטר'ט די עטליכע קהל'שע רובל אויף א חזן, וועלכען דער שוואַרץ־יאָהר האָט היינט גען זומער אַנגעטראָגען, און האָט געדאַווענט א שבת־מברכים מיט זעקס זינגער. צוריק גערעדט איז דאָס ווערטה געוועזען: צייט וואַינאָווקע איז וואַינאָווקע האָט זי אזא נגינה ניט געהערט. דער בית־המדרש, וועלכער איז שוין אלט איבער צוויי הונדערט יאָהר, לויט ווי די אלטע לייט דערצעהלען, האָט דעם דאָזיגען חזן מיט זיין קאַפעליע קוים איבערגעלעבט. די פענסטער האָבען זיך געטרייסעלט, די ווענד האָבען זיך געשאָקעלט און פון דער סטעליע אויבען איז גאַנצע שטיקער קאַלך געפאַלען... פון גרויס התפעלות האָט מען דעם דאָזיגען חזן מיט זיין קאַפעליע דאָס גאַנצע געלד, וואָס קהל האָט פערמאָגט, אוועקגעגעבען, און איצט, א וואָך פאר ראש־השנה, האָט מען זיך געכאַפּט, אז עס איז ניטאָ א גראָשען פאר

וואס צו דינגען א בעל־תפלה, און דער עולם האט זיך איצט פערזאמעלט אין בית־מדרש צו בעקלערען אן עצה.

— דאס איז געווען אן אקט אין דער וועלט! — האט גע־שריען אריה ליב דער שניידער, וואס האלט זיך פאר א שעהנען אידען, ווייל ער האט א לאנגע בארד און האט א בחור'ל, וואס לערנט אין יאחנאווקער ישיבה.

— שייך אנ'אקט! דאס קען נאר טרעפען ביי אונז! האלט אונטער חיים דער גלעזער; מען זאל נעהמען און אוועקגעבען א חזן אין א מיטען יאהר דאס גאנצע געלד, וואס קהל פער־מעגט!

— עס איז געווען א משוגעת! א ריינע משוגעת! דריקט מיט די פלייצעס חנן דער מלמד.

— איהר ווייסט וואס איך וואלט גע'פסקנ'ט — נעמט אן זרח דער שוסטער דאס בערדעל, און מאכט א מינע פון א רב; — איך וואלט גע'פסק'נט, אז די וואס האבען פערהאלטען דא דעם חזן און האבען איהם בעדונגען, זאלען איצט דינגען פאר זייער געלד א בעל־תפלה. דאס איז מיין עצה! האט ער אויסגעלאזען מיט גרויס ערנסט, פונקט, ווי עס ווענדט זיך נאר אן זיין עצה...

— היינט געה טרעף, ווער האט איהם בעדונגען? אלע האבען איהם בעדונגען! צושלאגט זלמן דער שמיד זרח'ס עצה; אלע האבען געוואלט הערען אמאל אין א גאווינע א ביסעלע בגינה. עס איז אפשר ניט קיין שאלה. אבער ווען? אז דאס שטעדטעל איז רייך! א יאחנאווקע קען זיך פערגינען אין מיטען יאהר אויסגעבען אויף א חזן עטליכע רובל, אבער ניט מיר, קבצנים.

— איז וואס בלייבט פארט! הערען זיך צום סוף געשרייען אין בית־מדרש.

— עס איז ניט פרעהליך! — ענטפערט איינער.

— חייקעל שעפס וועט דאווענען מיט'ן שבת'דיגען ניגון.

ווענדט זיך זרח דער שוסטער צום שבת'דיגען בעל־תפלה, חיי־קעל־שעפס, וועלכער האט יא א שטיקעל קול, נאר ער ווייסט מעהר ניט ווי די שבת'דיגע נגונים פון דאווגען.

— א־נו, חייקעל — פרוב זיך! ווענדען זיך צו איהם איינינע בעלי־בתים: זיי זיך מכין!

חייקעל־שעפס ווערט רויט און ענטפערט קוים:

— איך האב מורא.

— פרוב, פרוב: ה—מ—לך! ווייזט איהם זלמן שמיר א וועג.

— איי, קענסט דאך אליין! — רופט זיך אן חנן מלמד און העלפט איהם ווייטער:

יו—שב—על—כ—סא

רם ו—נ—שא—א—א!

—אי—אי—אי—אי—אי—אאאי!...

חאפט אונטער דער עולם.

און דער בית־מדרש הילכט עטליכע מינוט פון די ימים־נוראים'דיגע נגונים, וועלכע האבען בעגייסטערט דער אסיפה...

— איצטער קענען אלע, און ווי עס וועט קומען ראש־השנה וועט קיינער ניט קענען, — ווארפט אריין א בעל־הבית אן השערה.

די השערה נעהמען אלע אן, און דער עולם בלייבט פער־טראכט.

— איהר ווייסט, אידען, אז מיר האבען קיין בעל תקיעה אויך ניט! — איז מודיע אין מיטען דרינגען דער שמש פון בימה.

דער עולם בלייבט ווי געפלעפט.

— וואס הייסט: וואו איז נחמן?

עס בעווייזט זיך נחמן, א בלייך, דאר בחור'ל פון א יאהר ציוואנציג, וואס עסט דא טעג און לערנט „פאר זיך" און שוין צוויי יאהר, אז ער בלאזט שופר אין בית־מדרש בחנם.

— היי־יאהר וועל איך בלאזען אין דעם דארף סאסנאוו־

טשינע: דריי קערבלעך גיט מען מיר... דריי קערבלעך... האָט ער קוים אויסגעשטאַמעלט מיט שרעק פאַר זיין בגידה, וואָס ער האָט בוגד געווען אין זיין קהלה, וואָס גיט איהם עסען.

— ע, ביזטו א פאַרך! — האָט עמיצער איוסגעשריען.

— א גרויסער שייגעץ! — האָט נאָך עמיצער אונטער־געהאָלפען.

— א „דאַרמאָיעדניק“! — האָט א דריטער געזידעלט.

און אויף דעם אָרעמען נחמנ'ען האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען ווערטער און ווערטלעך, אזש עס האָט איהם ווי מיט נאָדלען געשטאָכען.

— איך דאַרף מאַכען א ווינטערדיגען בגד... איך קען נים... האָט ער זיך געבעטען. — זייט מיר מוחל... ווינטער איז קאַלט...

— וואָס וויל מען האָבען טאָקי פון איהם? איז דער עולם צוריקגעגאַנגען: ער דאַרף זיך מאַכען א ווינטערדיגען בגד. ער געהט נעביך א הוילער, א נאַקעטער...

—די מעשה איז דאָך אזוי! — האָט יעדערער פאַרטאַקעוועט.

— האָבען מיר הייסט עס, נים קיין בעל־תפילה און נים קיין בעל־תקיעה?

— מיר האָבען, דאַכט זיך, קיין בעל־קריאה אויך נים!— האָט מודיע געווען ווידער דער שמש פון בימה.

— וואָס הייסט! — האָט זיך דער עולם דערשראָקען:— וואו איז אַלטער פעשעס, וואו איז ער? וואו איז ער?

— אַלטער פעשעס וועט אויך לייענען אין סאָסנאָוווטשי־גע, — איז מודיע, ווי א פערשולדיגטער, דער זעלביגער נחמן— ער נעהמט צוויי קערבלעך.

דער עולם דערשרעקט זיך נים אויף א געלעכטער: אנדערע לאָזען אראָב די קעפ, ווי זיי וואָלטען געזוכט אנ'עצה, אנדערע ווידער הויבען אויף די קעפ צו דער סטעליע און שטעהען אזוי פערטראַכט עטליכע מינוט.

— וואס איז דא פארהאן וואס צו קלערען? — רופט זיך אן איינער: מען וועט היינטיגע ימים נוראים דאוונען ביחידות... אוים קהלה!

— א שעהנע מעשה נאר א קורצע! — לאכט ביטערליך א צווייטער.

— דאס דארף מען פערשרייבען אין פנקס.

— אוים וואינאוווקע!

— זאלען זיך אלע צוזאמענלעגען און דינגען פאר אייגענע געלד, גיט אן עצה חנן מלמד און דערשרעקט זיך גלייך פאר זיינע אייגענע ווערטער.

— ווייז אהער א רובל. נו! שטעלט אוים זלמן שמיד די האנד.

— איך האב ניט! — פערשעמט זיך חנן. — פארהאן דאך אבער בעלי־בתים, וואס האבען....

— ווער האט?

— קיינער האט ניט!

— אזוינע ימים־טובים געהען — א קליינינקייט!

— וואס־זשע וועט זיין?

— ניט גוט.

אין בית־מדרש רוישט. יעדער זאגט אן אנדער עצה. נאר קיין אמת'ע עצה איז ניטא.

פלוצים גיט דער אלטער שמש א פאטש איבער'ן בימה און אין בית מדרש ווערט שטיל.

— איך האב א עצה, שווייגט א ווייל!

— ארדבה, אדרבה! — שרייע אוים אלע אונגעדולדיג.

דער שמש נעהמט אין זיך אריין אביסעל מעהר אטעם ווי געוועהנליך, גיט א שטארקען שמעק־טאבאק, ווישט די נאז פוןביידע זייטען און רעדט ענדליך ארוים:

— די מעשה דערפון איז אזוי, די מעשה: אונזער קהלה איז היינטיגען זומער בעגאנגען א גרויסע נארישקייט, מיר

האבען די עטליכע רובל, וואס מיר האבען פערמאגט, פערטהאן אויף א נאשעריי, מיר האבען פערגעסען אונזער ארעמקייט, אונזער שטאנד און אונז האט זיך פערוואלט הערען א חזן. דער גוטער יאהר ווייסט ווער ער איז! א דורכפאהרער א חזן, איז ניט קיין גרויסער צדיק. אנ'עהרליכער חזן זיצט אין דער היים... נאר ווי די מעשה איז — עס איז שוין אנ'אבגעטהונענע זאך. דער סוף פסוק איז: מיר זיינען געבליבען אהן א בעל תפלה אויף ימים נוראים, אהן א בעל תקיעה, און אהן א בעל קורא... ממש אהן גאר נישט... אויב איהר ווילט זויסען נאך עפעס — איז שוין דער שופר אויך ניט ווי געהעריג איז... איצט אלול־צייט, עטליכע תקיעות — בלאזט ער נאך ווי עס איז; ס'וועט אבער קומען ראש־השנה, מען וועט דארפען אזוי פיעל בלאזען: א תרועה, א שברים, א תקיעה־גדולה, — ער וועט זיך געוויס פערהאלטען... פאר א יאהרען נאך האט ער זיך פערהאלטען, אויב איהר געדענקט?.. איך געדענק גאנץ גוט... און נחמן איז א גוטער בלאזער (דער עולם קוקט זיך אום אויף נחמנ'ען און נחמן ווערט רויט...) לכן וואלט געווען מיין עצה, אז מיר זאלען היי־יאהר מאכען בשותפות מיט סאסנאווטשינער מנין, דהיינו, מיר זאלען אלע געהן דאווגען היי יאהר אין סאסנאווטשינע— געהן מעג מען, סך הכל דריטהאלבען וויארסט וועג, עס וועט זיין א שפאציער... וועלען מיר אלע פערשפארען צו ברעכען די קעפ: וואו נעהמט מען א בעל־תפלה, א בעל־קורא און א בעל־תקיעה און טאקי א שופר אויך. ווייל דער שופר, איך זאג אייך נאך אמאל, דער שופר וועט זיך ראש־השנה אבזאגען... קיין „תרועה־שברים" וועט ער זיכער ניט נעהמען. ער קען שוין ניט נעהמען, ער איז שוין אלט און האט שוין עטליכע פגימות... פאר אונז איז געבליעבען נאר סאסנאווטשינע...

נאך דעם שמש'ס רעד, האט דער עולם אנגעהויבען רוי־שען:

— פון שטאדט אין דארף! און נאך ראש השנה — ניין!

— זאלען זיי, די ישובניקעס, צו אונז קומען!
— וואס זיינען זיי געווארען פאר יחסנים!
— אמאל פלעגען די ישובניקעס צו אונז קומען דאווגען.
— היינט האבען זיי זיך אויסגעלערנט עברי — מאכען זיי אין דער היים א מנין...
— עברי ווי עברי, געלד קענען זיי געווים צעהלען...
— וואס פעהלט זיי? — פון אלעס־גוטען: פולע זאשיקעס מיט קארטאפעל, מיט קרויט, מיט היהנער, מיט אייער...
— סמעטענע, פוטער און קעז...
— מיט אלע צרות אויף זייערע קעפ!...
— שששא, שילט זיך ניט אידען, עס איז אלול!
דער עולם האט זיך פאר דער קללה אין אלול דערשראקען און איז געגאנגען צוריק:
— ווער שילט זיך, ווער, ווער...
— קיינער ניט, קיינער ניט..
— וואס האט מען צו זיי?
— בערקע סאסנאווטשינער איז א טייערער איד, ביי איהם וועט זיין דאווגען א תענוג: — א שטוב, ווי א פעלד, דריי מאל ווי אונזער בית־מדרש.
— ערשט היי־יאהר האט ער געשריעבען א ריינינגקייט.
—א טייערער איד!
— און וואס פעהלט די איברינע ישובניקעס? גוטע מענשען!
— אודאי!
— בלייבט עס אזוי, אז מיר געהען היי־יאהר דאווגען אין סאסנאווטשינע?
— קיין אנדער עצה איז ניטא.
— א טייערע זאך, ווי איך בין א איד — אראב א בארג פון פלייצע!
— שייך א בארג!

— מען דארף שיקען אנפרעגען, צי ערלויבט ער.
— א שאלה, צי ער וועט ערלויבען, ביי איהם וועט זיין נאך א זכיה!
— א קליינינקייט! שטעדטעלשע אידען קומען דאוונען אין דארף...
און די אסיפה האט זיך געענדיגט בשלום.

---

און אז די שטעדטעלשע אידען האבען דעם ערשטען טאג ראש השנה אין דער פריה (מעריב האבען זיי געדאווענט אין זייער בית־מדרש) געלאזען זיך געהן דאוונען אין סאסנאווטשינע, און האבען פארבייגעהענדיג א קוק געטהאן אויף זייער אלטען, האלב איינגעפאלענעם בית־מדרש, ווי ער שטעהט אזוי מיט זיינע דונקעלע אויגען פערטרויערט און פער'יתומ'ט, — האט זיי זייערע הערצער געצופט און געקלעמט און שטיל אהן ווערטער, נאר מיט בליקען האבען זיי איהם מחילה געבעטען...

# די קנעטערין.

שרה איז שוין צעהן יאָהר אַן עגונה. דער מאַן איהרער לייבע דער שניידער, מיט וועלכען זי האָט געלעבט פינף פינס־טערע יאָהר, ווי זי רופט זיי אַן, איז אויפ׳ן זעקסטען יאָהר אווקגעפאָהרען אין אמעריקע און איז ווי אין וואסער אריינגע־פאלען. שוין צעהן יאָהר, אַז זי איז זיך אליין מפרנס דערמיט, וואָס זי וואשט גרעט פאר די רייכע שטעדטעלדיגע בעל־הבית־טעס, וואשט דילען, פליקט גענז, און נאָך אזעלכע ארבייט, די אלע ארבייטען גיט מען איהר פאר רחמנות צו איהר און צו איהר איינציגען בן־יחיד׳ל; אזוי זאָגען די בעל־הבית׳טעס, פון דעסטוועגען איז זי נאָך פון די רייכע בעל־הבית׳טעס רחמנות ניט רייך געוואָרען און אַז עס קומט שבת, קומט זי אב מיט א הערינג אנשטאָט פלייש און יום־טוב מיט א שטיקעל לונג און לעבער.

פסח אָבער מאכט זי, ווי זי דריקט זיך אליין אויס, „ניט צו פערזינדיגען“. מצה באקט זי אין פאָדריאד, וואו זי איז אלע יאָהר א קנעטערין און בעקומט פיער גילדען א טאָג א חוץ „מאכען“, און „מאכט“ נאָך ביז א רובל. אין פאָד־ריאַד שטעהט זי אב צוויי וואָכען. און א טאָג פאר ערב יום־טוב, ווען דאָס מצה באקען ענדיגט זיך, צעהלט זיך איהר קאַ־פיטאל ביז 12 רובל, — צוויי רובל איז ביי איהר אוועק אויף עסען; עס איז אפילו א סך געלד, נאָר גאָט ווייסט דעם אמת — אזוי פערענטפערט זי זיך אליין, אַז זי האָט ניט געמיינט צו „פרעסען“, זי איז נאָר אויסען געוועזן א בעסערן ביסען צוליעב דעם, זי זאָל קאָנען האָבען כח צו שטעהן ביי׳ן „בעקען“ און

אויסהאַלטען אזא שווערע פּראַצע, ווי א קנעטעריז האָט.

און אז זי ענדיגט איהר ארבייט, פּיהלט זי, ווי הענד און פיס זיינען ניט איהרע, ווי זי וואָלט זיי געליהען ערגעץ און זיי זיינען ניט אויף איהר מאָס... זי האָט נאָר איין פערלאַנג — א וואַרף טהאָן זיך אויף איהר בעטעל און שלאָפען, שלאָפען שטענדיג, קיינמאָל שוין ניט אויפשטעהן. קיין גרעסערער גליק איז שוין דאכט זיך פאַר איהר ניטאָ. אזא גליק אבער קען זי זיך ניט פערגינען. אוועקגעהענדיג מיט צוויי וואָכען צוריק אין „פּאַדריאַד", האָט זי איהר שטיבעל געלאָזען אפילו נישט קיין אויסגעקעהרטע, חמץ איז אין אלע ווינקעלעך, דער אלטער קאַסטען, וואו זי דאַרף די מצה לעגען, איז ניט קיין געוואַשענער, די כלים נישט קיין גע'כשר'טע. ביי איהר איז נאָך ניטאָ קיין סימן פון פּסח, און געלד מיט וואָס צו מאַכען פּסח האָט זי יאָ, גאָט צו דאַנקען. איצט פעהלט איהר נאָר כח, און שרה שמועסט זיך איין, אז דער „פּאַדריאַד" איז נאָך ניט געענדיגט: זאָל דאכטען, אז זי דאַרף נאָך א טאָג שטעהן און קנעטען, פון בעקען טאָר מען דאָך געוויס ניט אוועקגעהן, היינט וואָס מאַכט זי זיך נאַריש? און זי פּרובט אנהויבען צוצוקלויבען, מאַכען פּסח'דיג. נאָר עס פאַלט ביי איהר פון די הענד. זי האָט קיין כח ניט איינצובויגען זיך, און זי בלייבט פערצווייפעלט.

— איך וואָלט חיימ'קען כאָטש האָבען אין דער היים! — קלאָגט זי זיך, — ער איז א טייערער קינד, שוין 12 יאָהר א בחור, ער וואָלט מיר געהאָלפען!

איהר חיימ'קע איז אבער שוין דריי יאָהר פערקויפט ביי ועליג דעם שוסטער פאַר'ן עסען, און זעליג וועט איהם ניט לאָזען קומען העלפען דער מאַמען.

און שרה'ן פאַלט נאָר איין דינגען א „מענשען", צו מאַכען אין איהר שטיבעל פּסח...

לכתחילה פערשעמט זי זיך פאַר'ן געדאַנק. זי ווערט ממש רויט. סטייטש. זי, אַרעמע ענונה, וואָס איז ביי יעדער בעל־

הבית׳טע א דיענסט, וואס האט קיין שום „ווערדע“ ביי קיינעם נים, וואס אויסער איהר שטיקעלע יחום, וואס זי איז אן עגונה און מען האט דערפאר אויף איהר רחמנות, האט זי קיין אויס־קוק נים פון וואנען זי זאל קענען לעבען, — זי וועט גאר ווערען א „פריצטע“ און וועט דינגען זיך „מענשען“ צו רוימען, וואשען ביי איהר אויף פסח! עס איז בזיונות פאר לייטען, מען וועט פון איהר חוזק מאכען...

פון דעסטוועגען בעשליעסט זי עס פעסט צו טהאן. פאר צוויי גילדען וועט איהר חאשע די אלמנה אלץ צואוואשען. זי וועט איהר דערצעהלען די גאנצע מעשה, זי וועט איהר בעטען זי זאל קיין פעראיבעל ניט האבען...

זי מאכט זיך א האריץ און געהט ארוים קעגען איבער צו חאשע די אלמנה, וועלכע פערנעהמט אויף דיזעלבע שטעל ביי די שטעדטעלשע רייכע בעל־הבית׳טעס, וואס זי, שרה.

— גוט מארגען, חאשע, — זאגט זי קוים ארוים אריינגע־העגדיג צו דער אלמנה אין פינסטערען שטיבעל.

— גוט מארגען, גוט יאהר, א גאסט! — ענטפערט חאשע, וועלכע עסט פון א צובראכענער שיסעלע א מין געקעכץ, וואס האט נאך דערוווייל קיין בעזונדער נאמען נים.

— האסט עפעס ארביים? — פרעגט שרה, און דאס האריץ ציטערט איהר.

— ניין. — ענטפערט חשה — איך האב שוין ביי אלע בעל־הבית׳טעס מיינע ארבייט אבגעטהאן. קוים, קוים פערדיענט אויף פסח.

— ווילסט עפשר וועלען נאך עפעס פערדיענען? — פרעגט שרה א דערשראקענע.

— אח, מיט׳ן גרעסטען כבוד! — ענטפערט חאשע א דער־פרעהטע — א קלייניגקייט פסח! פיעל מען פערדיענט — איז ווייניג.

דערהערענדיג אזא מיינונג וועגען פסח, פערשעמט זיך

שוין שרה אויסצורעדען איהר בקשה, און זי ווערט אנ־
שוויגען.

— וואוהין איז דאָס? — פרעגט חאשע.

— וואוהין... וואוהין?... דאָס איז צו...

שרה פערליערט זיך און קען נישט אויסרעדען קיין וואָרט.

— אודאי צו דעם „חזיר“ צו ביילה ברוך׳ס? — וויל
חאשע טרעפען.

— ניין! — האקט אָב שרה, און גיט צו ווי מיט גוואלד:

— איך האָב געוואָלט זאָלסט צו מיר אריינגעהן...

— צו דיר? — פערוואונדערט זיך חאשע און שטעלט
אוים די אויגען: לאָכסט דאָס ניט?

דאָ בעליידיגט זיך שוין שרה. זי דערמאָהנט זיך אָן איהרע
12 רובל, וואָס זי פערמאָגט און רעדט ארוים ווי מיט שטאָלץ:

— וואָס מיינסטו, איך וועל דיר נישט בעצאָהלען? איך
וועל דיר בעצאָהלען ווי א בעל־הבית׳טע.

דער שטאָלצער טאָן געפעלט שוין ניט ווייעדער חאשען:
א נייע בעל־הבית׳טע געוואָרען — טראכט זי — און זי בלאָזט
זיך אָן.

— נו, איז וואָס, דו געהסט אריין? — פרעגט שרה ווי
א בעליידיגטע.

— ניין, מיט אָן אמת?... וויל חאשע ניט גלויבען.

— ס׳אר׳א נאַר דו ביזט! קומט שוין שרה צו זיך: עס
איז מיר גאָר ניט אזוי פרעהליך אויפ׳ן הארצען צו לאַכען פון
דיר און קיין כח האָב איך דערצו אויך נים, קוים וואָס איך
לעב. צוויי וואָכען אז מען שטעהט אָב ביים בעקער ביז צוויי א
זייגער ביי נאכט, איז ניט קיין געלעכטער... איך קען מיט א
גליעדער גיט א ריהר טהאָן. וועסט ביי מיר אביסעל א וואָש טהאָן,
איך וועל דיר ניט קריוודען, שרעק זיך נישט.

חאשע שמייכעלט און דאָך בעשליסט זי צו געהן.

— מילא, זאָל זיין פון א קאָזאק — אבי צום לעבען.

און חאשע קומט צו שרה'ן אין שטיבעל און הויבט אן ארבייטען.

שרה וויל זיך צולעגען, זי קען ממש אויף די פיס ניט איינ־שטעהן. זעהענדיג אבער, ווי חאשע נעהמט אליין שלעפען דעם קאסטען און ווערט רויט שלעפענדיג, פערקלעמט איהר דאס הארץ און זי געהט איהר צו העלפען.

— געה. געה!... טרייבט איהר חאשע: איך וועל אליין!

נאר שרה געהט ניט אוועק און מיט די לעצטע כחות העלפט זי איהר ארויסטראגען דעם קאסטען.

שפעטער א ווײלע פערגעסט זיך שרה אז אלע איהרע וועה־טאגען און זי הויבט אן גלייך ארבייטען מיט חאשען. חאשען ווערט נמאס אוועקטרייבען איהר, און ביידע וייבער ארבייטען מיט דעם זעלבען חשק, אויסרעדענדיג איינע פאר די אנדערע די טרויעריגע הערצער.

און זעהענדיג ווי זיי ארבייטען ביידע, וואלט שווער געווען צו דערקענען ווער איז דא די בעל־הבית'טע און ווער די גע־דונגענע...

# דער שמעק טאַבאַק.

אין דעם קליינעם שטעדטעל קאַניוויקע געפינען זיך פינף גרויסע שוהלען, נאַר די גרעסטע ראַלע שפּיעלט דאָרט „דער קליינער בית־המדרש“, ווייל אין איהם דאַווענט דער שטעדטעלשער ערשטער גביר, ר׳ יעקב סינקעס. שאצען שאצט דאָס שטעדטעל דעם גביר׳ס פערמעגען אין צוויי הונדערט טויזענד רובל, נאַר א מאה־אלף האָט ער טאַקי געהאַט, און פּאָר קאַניוועקע וואָלט גענוג געווען א פיערטעל פון דעם, אום צו שפּיעלען א גבירישע ראָלע. דערפאַר דאַווענען טאַקי „אין קליינעם בית־המדרש“ די שעהנסטע בעלי־בתים, אויך די שטעדטעלשע כלי־קדש, ווי למשל דער רב, דער שוחט, דער בעל־טאַקסע, א פּאָר פּרושים, וואָס „דיענען“ שוין באַלד א יאָהר צעהן אין דער קהלה.

צווישען די אלע שענע אידען האָט דאָ געדאַווענט גרונם דער דרדקי מלמד, וועלכער איז דאָ געווען עפּעס ווי א פינפטער ראָד צום וואָגען. פון קינד־ווייז אויף א דערשלאָגענער, האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט דעם מוטה אריינמישען זיך אין א שמועס שבת נאָכ׳ן דאַווענען, וואו דער ראש־המדברים איז געווען דער „גביר“. ער האָט אפילו ניט געוואַגט אנבויגען דעם קאָפּ אויף א זייט און צולעגען דעם אויער עפּעס הערען. פון ווייטען פלעגט ער נאָר שטעהן און שלינגען יעדעס וואָרט, וואָס געהט ארויס פון גביר׳ס מויל. א שפּאָס וואָס יעקב סינקעס דערצעהלט זיך אַן! דאָ דערצעהלט ער פון גראף צאַפּסקי, מיט וועלכען ער איז שטאַרק „געקנעפּעלט“ און איז ביי איהם כמעט אלע וואָך, ווי אזוי דער דאָזיגער גראף האַלט חשוב א אידען.

נאך דער מעשה געהט ער איבער צום קורס, ווען דער רוסישער רובעל הויבט זיך און ווען ער פאלט; (גרונם קען עס בשום אופן ניט פערשטעהן: ער ווייסט דאכט זיך, אז א רובעל איז אלע מאל א רובעל! ער וויל עס פרעגען, נאר ער האט קיין העזה ניט). ווייטער דערצעהלט ער פון זיין נסיעה קיין קעניגסבערג יענע וואך, וואוהין ער האט „אטפראוועט א טראנספארט" געהילץ; ווי אזוי ער האט צוריקפאהרענדיג זיך בעקאנט מיט א פוילישען גלח, האט געהאט מיט איהם א ויכוח וועגען אמונה, און ער האט דעם גלח מנצח געווען... און נאך אזוינע טויזענ־דער מעשיות, וואס נאר א גביר קען עס ויסען, א גביר, וואס פיהרט געשעפטען מיט די גרעסטע שררות און קיין זאך איז פאר איהם ניט צו שווער...

גרונם וואלט אבגעגעבען א האלב לעבען, נאר אויסרעדען אמאל חאטש א י י ן ווארט מיט'ן גביר, ער וואלט זיך מחיה געווען... ער פרובט עס אבער קיינמאל נישט: דאס גבירי־שע געשטאלט, די הויכע געוויקס, דער גרויסער בויך לאזט עפעס ניט צו: דאס קלארע, פולע פנים, דער שטרענגער קוק ווארפט אן אויף גרונם'ן א פחד. ער וואונדערט זיך נאר אויפ'ן שוחט'ס גבורה, ווי אזוי יענער שטעהט אמאל גאר נאהנט נעבען גביר און ווארפט אריין אין שמועס אויך א ווארט... „מען דארף טאקי האבען, טראכט גרונם דאמאלס, א שוחטישע הארץ צו פועל'ן דאס ביי זיך... איך קען דאס נישט!"..

און גרונם, וועלכער דאוועגט שוין באלד פונפצעהן יאהר אין „קליינעם בית־המדרש", האט נאך קיינמאל מיט'ן גביר קיין ווארט נישט אויסגערעדט. נאך קיינמאל די זכיה נישט געהאט און האט עס אפילו אין זינען נישט. ווען? ווי אזוי? סיידען ער זאל ווערען אליין א נגיד, נאר פון וואס קען ער רייך ווערען? פון די דרדקי־יונגלעך?

דאך די לעצטע צייט האט גרונם אנגעהויבען צו טראכ־

טען וועגען רעדען עפּעס מיט'ן גביר, און נישט נאָר רעדען, נאָר מאקי שטארק א שמועס טהאָן...

ביים רעיון וועגען שמועס, קומט איהם דאָס בלוט גלייך אריין אין פּנים, דאָס הארץ — קלאַפּט ווי ביי א גזלן, וואָס געהט הרג'נען א מענשען. א שפּאָס! ער דארף פיהרען מיט'ן גביר אזא וויכטיגען שמועס! ער וויל בעטען דעם גביר'ס אייניקעל, וואָס הויבט דעם זומער אָן צו לערנען, צו זיך אין חדר אריין. בעטען א אינגעל אין חדר איז ביי גרונם'ן אפילו ניט קיין נייעס: אלע „זמן" בעט ער אזוי איין צוואנציג תלמידים, און האָט שוין דערויף אן אויסגעארבייטעטע „נוסח", נאָר וואָס גלייכט מען? מיט פּשוט'ע בעלי־בתים מאכט נישט אויס, ווי אזוי מען רעדט, אבער מיט אזא גביר דארף מען דאָך וויסען וואָס צו רעדען. א י י ן איבעריג וואָרט, חלילה, קען אוועק־הרג'נען אין גאנצען...

און פון פּורים אָן ביז פּסח קומט פאַר ביי גרונם'ן אין הארצען א גרויסע מלחמה. ער וויל אריינגעהמען א גרויסען גע־נעראל אין פלען, און וויים נישט אויף וואָס פאַר אן אופן און האָט סתם מורא...

נאָר אָט איז שוין פּסח! אויב ער וועט די טעג נישט צו־געהן איז שוין פערפאלען, פערשפּיעלט דאָס גליק אויף אייביג! און א קלייניגקייט וואָס פאַר א גליק דאָ וואָלט געווען! דעם גביר'ס אייני־על לערנט ביי איהם!... ערשטענס דאָס געלד: ער וואָלט אודאי געצאָהלט פונפצעהן קערבלעך, אויב נישט די גאנצע צוואנציג. הייגט דאָס צאָהלען שמועסט מען דאָך נישט— פאראויס א צעהנ־רובעלדיגע!... הייגט דער כבוד אליין, וויפיעל איז ווערטה דער כבוד?...

און גרונם'ן פערטראַגט דער כח הדמיון ווייט:

— וואו לערנט ר' יעקב'ס אייניקעל, ר' גרונם?

— וואָס הייסט „וואו"? איהר ווייסט גאָר נישט? א שע־נע מעשה? ער לערנט ביי מיר, ביי מיר טאקי! וואָס דען האָט

איהר געמיינט: ער וועט איהם צו אנ'אנדערן מלמד אוועקגע־בען? מעהר וואלט איהם ניט פעהלען?...

א גליקליכער שמייכעל בעשיינט זיין פינסטערן פנים. נאר ער גיט א קוק אויפ'ן גביר און פון גאנצען דמיון ווערט אש! דאס בלוט ווערט אין איהם פערקיהלט פאר שרעק: „ווי אזוי געהט מען צו“? וואו נעמט מען אזוינע געזונדטע פיס, זיי זאלען קענען איינשטעהן בשעת מעשה, וואו נעמט מען אזא הארץ, וואס זאל אזוי ניט קלאפען?...

און אט איז שוין די „אנדערע טעג“ פסח! היינט מוז ער צוגעהן, ער מעג אפילו וויסען, אז ער וועט דערפון זיכער שטאר־בען! ער מאכט אן ארדנונג מיט זיינע געדאנקען און גרייט זיך צו, ווי אזוי צו רעדען נאכ'ן דאווענען.

— „גוט יום־טוב“, ר' יעקב!... מאכט ער א רעפעטיציע— דאך בעקלערט ער: עס איז צו פראסט: „גוט יום־טוב, ר' יעקב!“ אזוי זאגט מען דאך אלעמען, היינט וואס איז דער חילוק? איך וועל בעסער זאגען: „א גוטער יום־טוב, ר' יעקב!“... עס גע־פעלט איהם ווייטער נישט: ער געדענקט, שמחת־תורה האט זיך לייבע דער שוסטער איינגעשכורט פלעגט ער אזוי שרייען ווע־מען ער פלעגט נאר בעגעגענען... ביי איהם בלייבט, אז ער וועט טאקי זאגען „גוט יום־טוב“, נאך ווייך און שטיל...

— גוט יום־טוב — דעקלאמירט ער... — יא, אזוי וועט זיין גוט.

ער גרייט זיך ווייטער צו:

— איך האב געהערט זאגענדיג, אז אייער אייניקעל, זאל זיין אויף לאנגע יאהר (דאס וועט דעם גביר זיכער געפעלען ווע־רען) הויבט אן איז א מזל'דיגער שעה היינטיגען זומער צו לער־נען... איך בין גרונם דער מלמד... ביי מיר לערנען די שענסטע בעלי־בתי'שע קינדער... איך בעט אייך, ר' יעקב, (אפשר מורנו ר' יעקב? — פליהט איהם דורך אין קאפ) גיט מיר אייער איי־ניקעל, צוליעב שכנות — מען דאווענט צוזאמען...

נאָר דאָס לעצטע געפעלט איהם נישט. וואָס פאר א שכן ביזטו מיט מיר, מלמד איינער — דו דאווענסט נעבען טהיר און איך נעבען ארון קדש..

ער זוכט אנ׳אנדער נוסח : „צוליעב אלטע בעקאנטשאפט״.. פוי, נאָך ערגער, שפייט ער אויס — „א נייער בעקאנטער״ וועט ער זאָגען און גאָר אין כעס ווערען.

ענדליך געלינגט איהם צו פערבייטען אזוי :

— איך בין א גרויסער „בעל־פועל״, אין א י י ן „זמן״ פאָהרט מען ביי מיר אריין אין עברי, טאַקי רעכט אין עברי! איך האָב דערצו א בעזונדער למוד.

ער קלערט איבער דאָס זעלבע נאָך אמאָל און געפינט, אז עס איז גוט, נאָר „פאָהרט מען ביי מיר אריין״ איז עפּעס מעשה „בעל־עגלה״...

ער זוכט אַן אַנדער נוסח :

— אין איין „זמן״ לערן איך אויס עברי על־פּי דקדוק.— דאָס געפעלט איהם שוין אין גאַנצען און ער האָפט, אז דער גביר וועט איהם מיט גאָטס הילף ניט אבזאָגען.

נאָכ׳ן דאַווענען לעגט ער זיך איבער און בעשליעסט זיך פעסט צוצוגעהן. ממה־נפשך — שטאַרקט ער זיך — יאָ — יאָ. ניט — ניט! אין קאַשע וועט ער מיך דאָך נישט אויפעסען.

די שענע בעלי בתים זאָגען שוין דעם גביר גוט יום־טוב, מען וואַרפט זיך איבער נאָר מיט איינינגע ווערטער, און מען געהט זיך פענאַנדער. קיין וויכטיגעס האָט די לעצטע טעג ר׳ יעקב נישט צו דערצעהלען. עס האָט זיך איבער יום־טוב אויס־גענומען. און דער גביר האָט שוין בדעה ארויסצוגעהן, ער דאַרף נאָר צונויפלעגען דעם טלית.

גרונם רוקט זיך ווי א שאָטען... די פיס ברעכען זיך אונטער איהם.

— מען דאַרף נעהמען א שמעק טאַבאַק ביי דעם שמש, דאָס וועט מיך אפשר מוטהיגען, בעשליעסט ער.

— זייט מוחל שמש — ווענדט ער זיך מיט א האריץ־קלאפעניש צום שמש — גיט א שמעק טאבאק.

דער שמש נעמט ארוים פון׳ם בוזעם דאס פושקעלע, גרונס רוקט אהין אריין די צוויי פינגער, פארשיט אביסעל אויף דער ערד, נאך דעם גיט ער א שטארקען שמעק, ניט נאך זיין געוואהנהייט. און טראכט זיך: „זאל זיין, רבונו של עולם, צו רפואה!“ און לאזט זיך געהן קעגען גביר, ווי שכור...

את שטעהט ער שוין נעבען ר׳ יעקב׳ן.

— גוט יום־טוב, ר׳ יעקב — רעדט ער קוים ארויס.

דער גביר שטעלט אוים פערוואונדערט אויף גרונס׳ן די אויגען און פרעגט:

— וואס וועט איהר זאגען?

„ע, ער לאזט זיך דאך רעדען — טרייסט זיך גרונס — שטייפער, שטייפער! גאר נישט געשראקען זיך“, און ער פאסט זיך מוטה ווייטער צו רעדען:

— איך... האב... א פ ש ש ש ש — צעניסט ער זיך פלוצים, פון שמעק טאבאק, די אויגען ווערען איהם פול טרערען, און פערשפריצט דעם גביר׳ס ראק און פנים...

— טפוי! וואס איז דאס פאר א מין מיאוסער איד!— ווערט ר׳ יעקב אויפגעבראכט און מיט עקעל ווייזט ער מיט דער האנד — געהט אייך, געהט אייך ווייטער! איך האב מיט אייך קיין געשעפטען ניט!... פוי... אין פנים ניסט ער... וואס א לומפ ניט קען. שמש!

דער שמש פליהט אונטער, ווי ניט לעבעדיג.

— ווער איז ער, את דער שוטה! — פרעגט דער גביר, קוקענדיג בייז אויפ׳ן שמש.

— א מלמד... א דרדקי־מלמד — ענטפערט דער שמש דערשראקען.

— ס'איז א מין שוטה! אין פנים אריין ניסט ער... א מין פרא־אדם!.. פוי!...

---

— היינט געה צוריים זיך — האט גרונם, ארויסגעהענדיג מיט בזיונות פון ראוונען, גערעדט מיט זיך אליין — קיינמאל שמעק איך ניט קיין טאבאק, היינט האט זיך מיר נאר פערגלוסט א שמעק טהאן. א נייע רפואה!... אזוי וואלט דאס אייניקעל ביי מיר געווים געלערנט, נעווים, געווים! דער שמעק טאבאק האט מיך גע'הרג'עט...

# דער אלטער טשעסלער.

אלט איז שוין לייזער דער טשעסלער, געבוינגען געהט ער שוין און קענטיג, אז דער שטעקען זיינער, וואס ער האלט אין דער רעכטער האנד, קומט איהם שטארק צו־ניץ, אהן דעם שטע־קען וואלט ער אין בית־מדרש אודאי ניט געגאנגען; מעהר ווי אין בית־מדרש געהט ער נישט — עס איז איהם שווער און אגב האט ער נישט וואוהין צו געהן: זיינע קינדער זיינען זיך צע־פאהרען אין אמעריקא און ער איז עלענד, ווי א שטיין. „די אל־טע" זיינע איז שוין אויך טויט. געשטארבען איז זי מיט דריי יאהר צוריק, ווען ער האט נאך געארבייט, און געארבייט האט לייזער אזוי לאנג, ביז וואנען ער האט שוין ניט געקענט, אזוי לאנג, ביז די האק האט זיך נישט פון זיין האנד ארויסגע־גליטשט. דאמאלס האבען איהם די יונגערע טשעסליארעס גע־זאגט:

— צייט שוין ר' לייזער, אייך אברוהען!...

און און שוין צוויי יאהר אז ער רוהט טאקי; אמת אין גאנצען רוהט ער ניט, עס קומט איהם אן זעהר שווער די „הוצאה" זיינע. דאס עסען איז שוין ווי עס איז: א פאר גע־באקטע קארטאפעל און א קאפ פון א הערינג קלעקט איהם אויף א טאג. דאס אומגליק איז נאר דאן, ווען עס קומט איהם אוים צו צאהלען דעם אלטען זלמן די צוויי גילדען דירה־געלד; דא־מאלס ארבייט ער מעשים, קעהרט איבער וועלטען; עס פער־שטעהט זיך—נישט מיט די הענד, נאר מיט'ן קאפ; ער זוכט אויף אין מוח פערוואלגערטע בעלי־בתים. ווען ער האט הייזער געבויט און וועלכע זיינען נאך איהם שולדיג געבליעבען. א סך

פון זיי לייקענען איהם: אנדערע זיינען מודה און שווערן, אז זיי האבען ניט; טהייל זיינען ניט מודה און לייקענען ניט, אוןווארפען איהם דאך ארויס א פּאר גילדען.

נאר די לעצטע צייט קומט איהם אן אלץ שווערער און שווערער די צוויי גילדען דירה געלד צו קריגען. ער איז שוין שולדיג דעם אלטען זלמן פיער גילדען פאר צוויי חדשים און עס געהט שוין באלד א דריטער חדש. זלמן וואלט איהם אפילו געווארט, נאר ער קען ניט — ער איז אליין ניט דער „בעל־הבית, ער אליין צאהלט דירה געלד און איהם קומט דאס אויך זעהר שווער אן. סך הכל איז זלמן אנ אלטער שניידער, אויף איין אויג שוין בלינד, און מעהר אז לאטעס לעגען קען ער ניט, און וואס פערדיענט ער פון א לאטע, מישטיינס געזאגט!...

לייזער דער טשעסלער האט אויף איהם קיין פאראיבעל ניט ווען ער מאהנט א מאל צו שטארק, נאר גוט איז דאס איהם ניט, צייט ער לעבט האט ער קיין ליגען ניט געזאגט און איצטער, אויף דער עלטער, האט ער שוין דעם אלטען זלמן גענארט, אז היינט, מארגען גיט ער איהם געלד...

און די לעצטע טעג בלייבט לייזער אין בית־מדרש ביז שפּעט נאך מעריב, ער זיצט ביי א ספר אויף עברי־טייטש און ווארט ביז וואנען דער בית־מדרש זייגער שלאגט 10. דאמאלס וויים ער זיכער, אז דער אלטער זלמן שלאפט שוין און ער געהט אוועק א היים...

---

דער אלטער זלמן האט שוין געגעבען לייזער'ן אנצוהער־רעניש אז ער וועט פערדינגען זיין ארט א צווייטען, אויב ער וועט איהם די טעג קיין געלד ניט געבען. לייזער איז צוטומעלט געווארען. ער האט א מורמעל געטהאן: איילט זיך ניט, מיר וועלען זעהן... נאר טאקי מעהר ניט ווי א מורמעל — דייטליך

זאגען האט ער עס ניט געקענט. ווארום וואס האט ער צו זעהן? ער האט שטיל גענומען דעם שטעקען און האט זיך שטיל ארויס־גערוקט פון שטיבעל...

דאס אומגליק איז גרויס געוועזן! דאס אומגליק האט דעם אלטען לייזערן צוטומעלט; ער איז געגאנגען און מיט שטארע בליקען געקוקט אויף דער ערד און אין די זייטען. נאר אט פער־שווינדט דאס גרויסע אומגליק, לייזער פערקוקט זיך אויף די היי־זער און פערגעסט זיך. די הייזער ווערען איהם ליעב, פיעל פון זיי דערמאהנען איהם אמאליגע יאהרען, ווען ער, א הויכער, א גע־זונדטער, איז געשטאנען און געשמאק געארבייט. „אט די שטוב", דערמאנט ער זיך, פערבייגעהענדיג יענקעל דעם שענקערס שעהנע הויז — האב איך צעהן וואכען געטהאן! — ער האט גאנץ עהרליך געצאהלט — פינף גילדען א טאג, און פלעגט אמאל געבען אביסעל בראנפען נאך דער ארביים. — עס איז נאך גאנץ שטארק! א מאליגע געהילץ — אייזען!... אט די שטוב — פערקוקט ער זיך אויף נאך איינער — האב איך שוין געארביים ניט פון טאג — אגולנא! איך האב זיך דעמאלט אב־גענארט, עס האט מעהר נישט אויסגעמאכט ווי א האלבער רו־בעל צי פיער גילדען א טאג — ער קען זיך נישט דערמאהנען... אט געהט ער פארביי דעם גביר׳ס הויז. „א הייזעלע, טראכט ער און קוועלט — „נאך גאר ניי!" — שוין א מעשה, פון א יאהר צוואנציג — א מאסע חדרים, דערמאהנט ער זיך, זיינען דא! — ביי דעם גביר האט ער נישט שלעכט פערדיענט:— זעקס גילדען א טאג. ער פערוואונדערט זיך אין געדאנק: „אזוי פיעל?" „נו, ער איז דאך פארט דער ערשטער גביר אין שטאדט!" פערענטפערט ער זיך אליין זיין הארבע קשיא... און ער פערקוקט זיך אויף נאך און נאך הייזעלעך, וועלכע ער האט אין זיין לאנגען לעבען געבויט; זיי גיבען איהם אב גריסען און עס ווערט איהם ווארעם אין זיין אלטער קאלטער נשמה... נאר אט וואקסט פלוצים דאס אומגליק צוריק ארויס, ער דער־

מאהנט זיך עפּעס שרעקליכעס און זיין אלטער קערפּער ציטערט...

פערצווייפעלט איז ער אריין אין בית־מדרש, אבגעראווענט מנחה, שפּעטער — מעריב. דער זייגער שלאגט שוין 8—9—10. איצטער שלאפט דער אלטער זלמן, נאר לייזער האט נאך נישט בדעה צו געהן אהיים. ער זיצט ביי'ן „קב הישר", זיינע געדאנקען אבער זיינען ערגעץ וואו אנדערש. „וואס טהוט מען", אט די אייזערנע ווערטער קלאפּען איהם אין זיין אלטען מח. זיי האבען אבער אזוי לאנג געקלאפּט, ביז זיי האבען אויפגעבויט אין זיין קאפּ א גליקליכען פּלאן. דער אלטער שמייכעלט. ער איז גליקליך: פון היינט אן וועט ער שוין בלייבען אין בית־מדרש אויף שטענדיג, צוריק וועט ער שוין נישט געהן צום אלטען זלמן! — ער לעגט זיך איבער עטליכע מאל, טאמער איז דא פאראהאן א שטיקעל חסרון, עפּעס א שטערעניש, נאר ער געפינט ניט. ער ווערט בעגייסטערט: געווים, געווים — בעשליעסט ער זיך פעסט — פון היינט אן בלייב איך אין בית־מדרש. אראב אזא יאך! א קלייניגקייט — אלע חדש צוויי גילדען... „צוויי גילדען!" רעדט ער ארוים שוין ניט אין געדאנק, נאר מיט ווערטער, און איהם דאכט זיך, אז פון זיינע פּלייצעס איז עפּעס אראב געפאלען און איהם איז גרינג געווארען...

א פּיצעלע משא בלייבט איהם דאך — דער חוב! אבצאהלען מוז מען! נאר ווי אזוי? ער זיפצט...

* * *

דער בית־מדרש זייגער האט געשלאגען צוועלף. דער אלטער לייזער זיצט ביי'ן טיש און דרעמעלט און איהם חלום'ט זיך, אז דער אלטער זלמן זיצט נעבען איהם און שטשאבעט, און נאך יעדען שטאך אין בגר, גיט ער איהם מיט'ן נאדעל א שטאך אין די אויגען.

— ר׳ זלמן, שטעכט זיך ניט — בעט ער זיך — איך וועל אייך די פיער גילדען אבצאהלען. מארגען הויב איך אן צו אר־בייטען ביי יענקעל דעם שענקערס הויז, ער צאהלט פינף גיל־דען א טאג... זלמן וויל עס ניט הערען און שטעכט איהם מיט׳ן נאדעל אין די אויגען און אין אלע גליעדער. און אט דערפיהלט ער אז ער שטורכעט איהם.

נאר דאס שטורכען איז שוין געוועזען אויפ׳ן וואהר. דאס האט געשטורכעט דער אונטער־שמש, וואס איז נעבען איהם געשטאנען און בייז געברומט:

— זייט מוחל, דא איז מיין ארט! איך דארף זיך לעגען. לייזער האט אנגעהויבען רייבען די אויגען. דערזעהענדיג אנ־שטאט דעם אלטען זלמן׳ען — דעם אונטער־שמש איז ער צו זיך געקומען. ער האט זיך דערמאהנט אן זיין פלאן, אז ער בלייבט פון היינט אן אין בית־מדרש, נאר דער אונטער־שמש האט איהם טרוקען איבערגעגעבען, אז דא איז ניט קיין הקדש; די גבאים האבען פערזאגט, אז מען זאל קיינעם ניט לאזען נעכטיגען, עס איז געגנוג די ישיבה בחורים, וואס שלאפען דא. אוים...

און געהענדיג צוריק צו דעם אלטען זלמן, האט שוין לייזער נישט געקוקט אויף די הייזער, וועלכע ער האט געבוים; עס איז געוועזען זעהר א פינסטערע נאכט און אין די אויגען איז איהם נאך פינסטערער געוועזען. זעהר פאמעליך איז ער גע־גאנגען, נאך פאמעליכער ווי ער האט געקאנט: עס איז איהם ליעבער געוועזען צו שלעפען זיך אין דער פינסטערער נאכט איי־דער צו קומען צו דעם אלטען זלמן׳ען, צו זיין „מאהנער“... און וואס וועט זיין דער סוף?...

דער אלטער זלמן וועט איהם ווארטען נאך א פאר טעג, אבער ניט מעהר... אויפ׳ן גאס וועט איהם אויסקומען צו לעגען זיך... אויפ׳ן גאס!

— אוי! — האט ער א קרעכץ געטהאן ביי דעם רעיון...

און איצטער האט ער זיך דערמאָהנט, וואָס זיין „אלטע" האט איהם אמאל, אמאל געזאָגט: „לייזער, אלע בויען זיך, לאָ־מיר זיך אויך פערזאָרגען מיט א שטיבעלע". „מען קען ניט — האט ער איהר געענטפערט, — פאר מיין ארבייט פאר זיך, וועט מיר קיינער נישט בעצאָהלען".

ער האט איהר אפילו גוט געענטפערט, זי האט דערויף ניט געהאט וואָס ווייטער צו רעדען; דאָך דערמאָהנענדיג זיך, אז אט באלד־באלד האט ער זיך ניט וואו אהינצוטהאָן, ווערט ער אויף זיך אין כעס און זידעלט און שילט זיך אליין:

— אלטער נאר! הייזער האסטו געבויט און אויפ'ן גאס וועסט דו שטארבען....

## ווען עסט חיים מלמד א בויגעל?

צוויי פּרנסות האָט חיים געהאַט: ער האָט געקנעלט און בייגעל געבאַקט, און א וואונדערליכע זאַך! — ער איז געווען א אָרעמאַן און האָט געזוכט א דריטע פּרנסה, נאָר צו קיין דריטער פּרנה האָט ער שוין ניט געטויגט: א קול האָט ער אפילו געהאַט א הייזעריגליכען און האָט געקלונגען זעהר האַרציג און צובראָכען, און ימים־נוראים וואָלט ער געקאָנט דאַווענען פאַר'ן עמוד און כאַפּען דערפאַר עטליכע רובל, — האָט ער אָבער, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, געהאַט א קורצען אָטהעם: רעדענדיג אפילו פלעגט ער זיך מוזען נאָך יעדען וואָרט אָברוהען און חאַפּען דעם אָטהעם. עס פערשטעהט זיך, אַז מיט אַזאַ „פעהלער" קען מען ניט האָבען קיין העזה צו שטעלען זיך ימים־נוראים פאַר'ן עמוד, ביי אַזעלכע לאַנגע שמונה עשרה'ס, וואָס מען דאַרף איבער'חזר'ן וואָרט און וואָרט פאַר'ן עולם. דעם עולם געהט כלל ניט אָן, צי חיים האָט א לאַנגען אָטהעם, צי א קורצען און ער פערלאַנגט פאַר די עטליכע רובל, אַז דער ש"ץ זאָל פאָהרען ווייטער און ווייטער, ניט אָבשטעלען זיך אויף א רגע... חזנות איז ניט מלמדות — א מלמד קען אפילו קיין לונגען ניט האָבען, מאַכט אויך ניט אויס: מיט קליינע אינגלעך לערנען דאַרף מען קיין גבורה ניט האָבען, אָבער שטעלען זיך פאַר א צבור, איז געווים ניט קיין קלייניגקייט — דאָ דאַרף מען האָבען א האַלז, א האַרץ און טאַקי אַן אָטהעם...

קיין לייכטערע פּרנסות, צו וואָס חיים וואָלט יאָ געטויגט, איז אין שטעדטעל ניט געווען. צו א קראָם פאַר זיין ווייב האָט חיים קיין „קאַפּיטאַל" ניט געהאַט. דער האַלבער פוד מעהל,

פון וועלכען חיים פלעגט אויסבאקען אלע טאג ביינעל פאר דאס שטערטעל, פלעגט איהם אויך שווער אנקומען. און דעריבער האט זיך חיים געמוזט בעגנוגענען נאר מיט די צוויי פרנסות און לעבען טאקי אין גרויס נויט...

די ביינעל פלעגט חיים באקען: ווינטער־צייט פאר טאג און זומער — ווי די זונן פלעגט אויפגעהן. זיין ווייב, עלקע, פלעגט דאס טייג פערקנעטען, די עלטערע טאכטער, ביילה, פלעגט וועל־גערן און מאכען קיילעכדיג, דאס יונגערע מיידעל, גרונה, פלעגט עס ווארפען אין א הייסען טאפ וואסער, און פון טאפ פלעגט שוין חיים בכבודו ובעצמו אליין ארויסנעהמען און זעצען אין אויוועז. ווי מען זעהט דא, האט חיים גענומען פאר זיך די שווערסטע מלאכה, נישט קוקענדיג, וואס ער איז דער שוואכס־טער געווען פון די איבעריגע. דער טעם דערפון איז א פשוטער: ערשטענס איז דאס זעצען אין אויוועז אנשטענדיגער, ווי קנע־טען דאס טייג, און דאס איז ניט אזא בזיון פאר א אידען א תלמיד חכם, ווי חיים איז; זעצען איז א מאנסבילשע ארבייט. פסח אין "פאדריאד" פון מצות זיינען אלע זעצער מאנסביל. אמת, עס טרעפען זיך אמאל ווייבער אויך זעצערינס, נאר דאס איז א זאך, וואס געהט ארוים פון כלל, ווי למשל, אלע דאק־טוירים זיינען מאנסבילען, פון דעסטוועגען טרעפט אמאל א „יודענע" אויך א דאקטארקע... צווייטענס, האט חיים גענומען די ארבייט פון זעצען צוליעב דער ווארעמקייט. חיים איז געווען א איד אהן א טראפען בלוט און איהם איז שטענדיג קאלט גע־ווען. עס פלעגט טרעפען אמאל, אין די גרויסע היצען פלעגט חיים קענען א זאג טהאן צו די תלמידים:—מאכט צו קינדער־לעך די טהיר, מיר איז עפעס מארנע קאלט...

אט די ווארעמקייט, איז חיים'ן ניט נאר ווינטער, אפילו זומער אויך ליעב געווען, און ער פלעגט מיט גרויס תענוג שטעהן ביין אויוועז, וואו דאס פייער האט אזוי פריינדליך, אין מזרח־

זיים פון אויזוועז, געפלאקערט און בעלויכטעז די ציילעז בייגעל, וואס חיים פלעגט בריה'ש אויסזעצעז אויפ'ן „פאר".

---

חיים איז געוועז א בייגעל־בעקער. פלעגט אויסבאקעז אלע טאג ביז צוויי הונדערט גראשענע בייגעל און פון דעסטוועגעז האט ער אליין מיט דעם ווייב און קינדער, זעהר זעלטעז א בייגעל פערזוכט. און חיים פלעגט זעהר אפט זיך ווינשעז זיין א נגיד און עסעז „אז אמת'ן ריינעם בייגעל"... „אז אמת'ער רייי־נער בייגעל" האט ביי חיים'ן געהייסעז יענער בייגעל, וועלכעז מעז פערקויפט די בעלי הבתים פונ'ם שטערטעל פאר א גראש־שעז: וואס געהט ארוים פון אויזוועז רייז, טרוקעז, און גלאנצט, ווי מיט א רויטליכער פארב. אזא בייגעל הייסט פערברוינט און ער איז טאקי זעהר געשמאק — ער צעשיט זיך ממש איז מויל: ווען מעז גאט העלפט אויפעסעז אזעלכע 5—6 בייגעל, קעז ווערעז געזונד ווי א מויער... אזעלכע געראטענע בייגעל האט חיים מיט זיינע בני בית זיך ניט פערגונעז צו עסעז. צו א שעה־נעם תכלית וואלטעז זיי געקומעז, ווען יעדער פון זיי וואלט אלע טאג אויפגעגעסעז אזעלכע עטליכע גראשענע בייגעל!... דאס זעכציג־רובעלדיגע קנעלונג פאר'ן זמן, וואס חיים האט אין שטעדטעל, וואלט אויך ניט געטראגעז, אפילו אז אלע בעלי־בתים זאלעז איינצאהלעז, — בפרט אז א גוטע העלפט שכר־למוד ווערט פערפאלעז...

עסעז פלעגט חיים, זיין ווייב און קינדער נאר פון אזא סארט בייגעל, מיט וועלכעז עס פלעגט טרעפעז א סבה: אז ער פלעגט צוגעברענט ווערעז א ביסעל, אדער אין אש זיך איינריב־טעז, אדער אויף דר'ערד פון דער לאפעטע אראבפאלעז און דערפון פערלירעז זיין געהעריגע צורה. אזוינע מיני בייגעל פלעגט אבער טרעפעז זעהר זעלטעז, ווייל חיים האט זיך שטארק געהיט, אז קיין סבות זאלעז זיך ניט טרעפעז. צייטענווייז נאר,

ווען חיים׳ס יצר הרע פלעגט זיך שטארק צופלאקערן נאך א שטיקעל בייגעל, פלעגט ער גאט בעטען, אז עס זאל זיך טרעפען עפעס א סבה, און ניט פערלאזענדיג זיך אין גאנצען אויף גאט, פלעגט ער „ברויכען" אייגענע מיטלען, אז א פאר בייגעל זאלען ניט ארויס גאנצע פון אויווען. לאזען זיי בעצם ידו פערברענט ווערען, אזא העזה האט חיים ניט געקענט האבען: אליין קאליע מאכען — זאל דער אויבערשטער אויסהיטען, דאס איז א גרויסע טפשות און א חטא... נאר אבנארען זיך אליין און דאס ווייב און די בייגעל אפילו, דערויף האט חיים יא א העזה געהאט, און אין אזעלכע מינוטען, ווען דער יצר הרע — פון א בייגעל פלעגט זיך אויף איהם מתגבר זיין, פלעגט ער זיך כלומר׳שט פערטראכטען, וואו צו נעמען מארגען געלד אויף האלץ, נישט קוקען דערוויל אין אויווען, זיך פלוצים א חאפ טהאן צום אויווען מיט א געשריי:

— א — אי — אי!...

— וואס איז דארטען? — פרעגט דאס ווייב דערשראקען.

— אי—אי—אי! — שרייט אלץ חיים און הויבט אן ארויסנעמען געשווינד די בייגעל, צווישען וועלכע א פאר געפינען זיך אין גאנצען צוגעסמאליעט...

דאס ווייב און די צוויי טעכטער בעטראכטען די פאר בייגעל און זיפצען:

— ווער וועט זיי שוין איצטער קויפען?

— א משוגענער סיידען... זאגט חיים כלומרשט פערטרויערט און אין הארצען איז ער שטארק, שטארק צופריעדען: ער וועט היינט עסען א בייגעל... ער ווארט נאר, אז עלקע זאל וועגען דעם דערמאהנען. ער וויל ניט ארויסטרעטען דער ערשטער — עס פאסט פאר איהם ניט, א איד טאר קיין „זולל וסובא" ניט זיין...

און עלקע קוקט, קוקט אויף די פאר בייגעל און זאגט ענדליך ארויס:

— מען ווערט שוין, ברוך השם, אליין מוזען אויפעסען— וואס זאל מען טהאן? געפּטר'ט א קאפּיקע...

און נאכ'ן דאווגען וואשט זיך חיים מיט מעהר „פּאראד“, ווי שטענדיג, זאגט שאו ידיכם מיט א נגון און מאכט המוציא אויף א גאנצען בייגעל, חאטש א פערברענטען.

און יענער טאג איז ביי חיים'ען א מין יום־טוב. און ווען ער וואלט זיך ניט געשעמט, וואלט ער יענעם טאג מיט די תלמידים גאר ביז מיטאג געלערנט, ווי למשל ראש חדש, ווען זיין עלקע קאכט א „בעסערן וואַרמעס“...

# דער אורח.

זעליג דער מולער, צי ער האָט ארבייט, צי ניט, גערט שטענדיג פערשמירט אין לעהם און ניט נאָר די בגדים, אויב מען קען זיי אזוי אָנרופען, נאָר אויך דאָס גאנצע פּנים איז ביי איהם דערין אויסגעשמירט. און אז מען קוקט זיך אין איהם איין, דאכט זיך, אז ער איז אין גאנצען א לעהמענער.

זעליג האָט ווינטער קיין ארבייט ניט, זעלטען ווען ער קריגט א שטיקעל ארבייט ביים בעקער, איז דאָס אויך נאָר אויף אַ האלבע שעה, און דאָך איז ער ווינטער אזוי אויסגעשמירט ווי זומער, ווען ער האָט פיעל ארבייט. עפּעס דאכט זיך, אז דער לעהם איז אויף איהם פערטריקענט געוואָרען און עס איז שוין גאָר קיין סגולה ניטאָ איהם אראָפּצוואַשען.

זעליגען קען יעדער דערקאָנען פאר א האלב וויאָרסט. זיין גאנצער הילוך, זיין איינגעבויגענע פּלייצע, פון די מולטערס לעהם, וואָס ער האָט אין זיין לעבען איבערגעטראָגען, שיידען איהם אָפּ פון אלע אנדערע אידען אין שטעדטעל און ער וואַרפט זיך שטענדיג אין די אויגען. אין א גרויס געלויף אין גאַס, ביי יעדער רעדעל, אפילו אין בית־המדרש, ווען א בעריהמטער מגיד „זאָגט" און די אָנזיכטיגסטע בעלי־בתים פערלירען זיך צווישען גרויסען עולם, זעהט מען נאָר איין זעליגען, און יעדערער, אויב ער טראָגט נאָר א שטיקעל רעכטען בגד, היט זיך פון זעליגען ער זאָל חלילה זיין בגד אין לעהם ניט פערשמירען.

נאָך פורים, אז דער עולם הויבט זיך אָן צו קאלכען, קען מען זעליגען סיידען פערבייטען מיט דעם צווייטען קאלכער חיים „האָזש", וועלכער איז אַט איין הויף מיט זעליגען. זעליג'ס

קליידער בערעקען זיך דאן אין גאנצען אין ווייסע קייקעלער און די היטעל, וואס האט אין מיטען א רים איז דורכאויס פער־קאלכט, אזוי אז דער רים זעהט זיך ניט און מען קען דעריבער מיינען, אז זעליג דער מולער טראגט א גאנץ היטעל.

און וואס א טאג נעהנטער צו פסח, ווערט זעליג אלץ ווייסער און ווייסער, און אנהויב ניסן אז די לבנה איז נאך ניטא און די פינסטערניש אין שטעדטעל איז זעהר גרויס, בעגעגנענ־דיג זעליגען, דערפרעהט מען זיך ממש: פאר דער שיין פון זיין ווייסקייט קען מען זעהן ווי דורכצוקריכען די בלאטע, וואס שפיעלט זיך אין שטעדטעל אנהויב ניסן פונאנדער, אז מען קען אין דער פינסטער דערטרונקען ווערען.

און פון פורים ביז ניסן וואדפט זיך זעליג יעדערן אין די אויגען. ער איז דער איינציגער, וואס צייכענט זיך אויס מיט זיין אויסזעהן, און ווען אין שטעדטעל, למשל, קיין מאדע, אדער בעסער געזאגט, קיין „מנהג" ניט געווען דאס קאלכען זיך, און אזא אבגעווייסטער ווי זעליג וואלט אהין אריינגעפאלען, וואלט מען נאך איהם געווים נאכגעלאפען, ווי מען לויפט נאך נאך בעריל דעם משוגענעם, אזוי אבער קוקט מען אויף זעליגס אויס־זעהן, ווי אויף א געוועהנליכע זאך. יעדער שטעדטעלדיגער איד, אפילו א אינגעל, פערשטעהט ווי באלד זעליג איז א מולער און א קאלכער מוז ער אזוי אויסזעהן, ווי דען אנדערש?...

פערשוואונדען פון דער סצענע ווערט זעליג ערב פסח. ניטא זעליגען! און ווען מען וואלט איהם ווי נויטיג געדארפט האבען, וואלט מען איהם בשום אופן ניט געפונען, ווייל אויף דער אר־בייט נעהמט מען איהם שטענדיג פון גאס; וואו זעליג וואהנט ווייסען נאר יחידי סגולה, א פאר שכנים, און דער שמש פון בית־מדרש.

נאר זעליג האט זיין ארבייט אבגעטהאן ביז ערב־פסח און קיינער דארף איהם ניט און ערב פסח מאכט זיך זעליג פסח'דיג, און פסח'דיג מאכען זיך דארף ביי זעליגען געדויערן זעהר

לאנג. ניט אזוי גרינג איז אראבוואשען אזוי פיעל לעהם און אזוי פיעל קאלך פון פנים, פון דעם גאנצען גוף. נאר זעליג ריי־ניגט זיך, ער געהט אין באד און וואשט זיך דארט זעהר לאנג, חאטש עס איז זעהר ענג. קומענדיג פון באד רייניגט ער אויס זיינע שטיוועל, אנווייקענדיג פריהער זיי גוט אין וואסער. שפע־טער אביסעל הויבט ער אן זיך איבערטהאן. פארטיג ווערט ער קוים, ווען מען געהט שוין דאוונען און דאס ווייב זיינס, די ביינאכטיגע מלכה, טרייבט איהם: „געה שוין, זעליג, אין שוהל, ביזט שוין ריין“.

נאר זעליגען גלויבט זיך עפּעס ניט. איהם דאכט זיך, אז דער שפּיץ נאז איז אין קאלך, אז הינטען איז דער גאנצער יום־טוב'דיגער סורדוט אין ווייסע פלעקען, חאטש ער האט אין סור־דוט קיינמאל ניט געארבייט, און ער זעהט זיך נאך אמאל ארום, ביז ער איבערצייגט זיך, אז ער זעהט שוין אויס ווי א „מענש“.

אין בית־מדרש קומט ער צו דער מנחה'דיגער שמונה־עשרה, און ער זעצט זיך אוועק אויפ'ן באנק הינטער דער בימה. דאס איז די איינציגע באנק, וואס איז א קהל'שע און וואו „שטערט“ זיינען ניט קיין פערדונגענע.

די עטליכע אידען, וואס דאוונען ביי דער באנק, קוקען אויף איהם, קוקען און ווילען עפּעס פרעגען. זעליג קוקט אויף זיי אויך. ער דערקענט זיי יעדערן, ער האט כמעט ביי יעדערן די שטוב געקאלכט...

ער וויל זיי עפּעס זאגען, נאר ער האלט זיך איין, ניט האַ־בענדיג אייגענטליך וואס.

— שלום־עליכם! פון וואנען איז א איד?...

ביים דריטען „שלום־עליכם“ קומט שוין זעליג צו זיך און מיט א געלעכטער'ל נעהמט ער זיי ארויס פון טעות.

—איהר דערקענט מיך ניט? שטעלט ער אן זיינע אויגען.

— ניין, הערט ער אז ענטפער, און באלד א פראגע: „ווער זענט איהר דען?“

— א געלעכטער, כ'לעבען... איך האב דאך ביי אייך די שטוב געקאלכט... זעליג דער מולער...

— טפו, מיינע שונאים! — שפייט דער ערשטער אויס נאך דער ערקלערונג. — וואס עס קענען זיך טרעפען געשיכטען! איך האב געמיינט, אז דאס איז ווער ווייסט ווער, ערשט זעליג דער מולער גאר.

און די אידען ביי דער באנק שמועסען וועגען זייער טעות, ניט קוקענדיג שוין מעהר אויף איהם. זעליגען פערדריסט וואס ער האט אט די נארישע בעל־גאוה'דיגע בעלי־בתים אויסגע־זאגט זיין יחוס.

— א קריינק זיי אין די ביינער, טראכט ער אין הארצען. ניעחיי וואלטען די „יאלדען" געמיינט, אז איך בין טאקי ווער ווייסט ווער!

נאר יעדעס יאהר קען זעליג זיך ניט איינהאלטען און זאגט אויס זיין יחוס...

# בולקעס.

ביי פריידע, שלמה דעם שניידערס איז מען אפילו ברויט אויך געווען זשעדנע, נאר אזוי ווי דאס ברויט האט זי אליין געבאקען און באקען האט זי ניט געקענט און עס איז שטענדיג ארויס אדער טייג אדער פערברענט און דאס עצם מעהל איז געווען שווארץ און זאמדיג, האבען זיך די זעקס קינדער, וואס זי האט פערמאגט, פאר ברויט ניט געשלאגען. א בולבע איז געווען שוין א זאך וואס עס איז כדאי צו מאכען סקאנדאל. און אויך ניט פאר אלע מינים בולבעס. אויב די בולבע איז געווען פון א העכערן מין, וואס הייסט סלאנקע און איז געווען געשיילט און מיט זאלץ געקאכט, האט זי זוכה געווען אז מען זאל פאר איהם מקריב זיין עטליכע „קניפ“, גראפען און דאס גלייכען. טאמער איז אבער די בולבע געווען פון דעם נידריגען מין, וואס האט געהייסען „מאסקווי־קע“, א מין וואסערדיגע, פאר אזא פרי האט מען זיך נאר אונ־טערגעשאלטען און אויך ניט זעהר הויך.

סקאנראלען זיינען ערשט פארגעקומען פרייטאג פריה ביי די בולקעס.

שטעלט זיך פאר, אז פריידע שלמה'ס האט געבאקען אויף שבת פיער פונט ווייצענס, האט זי פון די פיער פונט מעהל קודם כל געמוזט האבען דריי חלות אויף קידוש און די איבריגע אויף בולקעס אויף פרייטאג. וואלט טאקי פריידע אויסען געווען די בולקעס נאר אויף פרייטאג אליין, וואלט נאך געווען ווי־עס־איז, דען די פיער פונט מעהל פלעגען אייגענטליך אויסער די דריי חלות, נאך ארויסגעבען פון זיך אכט־ניין בולקעס, אז מען זאל זיי דארפען קויפען ביי דער בעקערין, וואלטען זיי

געקאָסט צו זעקסערלעך. איז אבער פריידע שלמה'ס א גרויסע פערזאָרגעריז, באַקען באַקט זי די בולקעס כלומר'שט אויף פריי־טאָג, און מיינען מיינט זי אויפ'ן מיטען דער־וואָך... און טאַקי אויף דעם קומענדיגען שבת א קוגעל מאַכען. פריידע שלמה'ס זאָגט, אז א קוגעל פון אן אַלטער אַנגעווייקטער בולקע איז פאַר מלכים צו געבען — אַזאַ מאכל איז דאָס, א שאָד נאָר וואָס די בולקע דערלעבט ניט אַלט צו ווערען. ביז דינסטאָג קען זי די פערבליבענע עשירות בשום אופן ניט איינהיטען און פון אונ־טער די הענד גנב'עט מען זיי ארוים און מען פרעסט זיי אויף — פרעסען זאָלען זיי די ווערים! וואָרים פריידע האָט דען — ווי זי קלאָגט זיך — קינדער? שדים האָט זי, פרעסער, זויפער! און „ער", שלמה אַליין, איז דען בעסער? ער איז אויך א גוטער טרפה'נער האַלז. זי האָט איהם דען וועניג מאָל געכאַפּט נאָך פאַר'ן דאַווענען — אַזאַ שניידערוק — קייענדיג בולקע. באַקאָם זאָל איהם ארוים!...

נאָר דאָס איז אבער אַלץ געזאָגט בנוגע די בולקעס, וואָס בלייבען אויפ'ן מיטען־וואָך. פרייטאָג אבער איז זי אַליין ניט קיין שטיעף־מאַמע און גיט יעדען קינד, לויט די יאָהרען, צו שטיקלעך בולקע צום מילכיגען קרופּניק, וואָס זי קאָכט טאַקי לכבוד פרייטאָג. איהם, דעם שפּייזער, גיט זי א גאַנצע בולקע, נאָר וואָס קלעקט פאַר איהם א בולקע? ווי א פערד א צוקער־לעקעך. אַזוי זאָגט פריידע, נאָכדעם ווי ער שלינגט זי איין ביי די ערשטע פאַר לעפעל קרופּניק און בעט נאָך א שטיקעל. עס פערשטעהט זיך, אז דאָס בעטען איז נאָר אויס געוואוהנהייט. פריידע ענטפערט איהם אפילו ניט, אַזוי צוקאָכט איז זי. סטייטש! א מענש זאָל זיך קיינמאָל ניט אָנעסען! ניט אַזוי גיך אבער ווערט זי מוסכם מיט די קינדער, איבערהויפּט מיט די קלענערע. מען רייסט זי פון אַלע זייטען: מאַמעלע, נאָך א שטיקעל: מאַמעלע, נאָך איין ביס, און נאָר דאָס יונגסטע זעקס־יעהריגע גאָלדעלע וואָס קען נאָך קיין קוף ניט זאָגען, שפּרייט

זיך אוים אויף דער ערד, פערוואַרפט דאָס קעפּעל און שרייט אין איינע קולות:

— נאָך בולטע!

און פריידע ענטפערט איהם צום גראם:

— נאָך א סטולטע וועל איך דיר געבען. דאָס הייסט, נאָך א מכה, און דאָס קינד וויל אבער פּאַרט נאָך א בולטע — הויבט זיך די שטוב.

א טאָג פאַר פסח באַקט פריידע אויף דעם ערב־פּסח'דיגען אָנבייסען די זעלבע פיער פונט ווייצענס; קיין חלות אויף שבת דאַרף זי שוין אָבער ניט. עס געהען אַרויס א בולקעס 12—13, זי בעהאַלט עס ביז מאָרגען פריה און גיט קיינעם ניט א ביסען.

אין דער פריה. ערב פסח, וועקט זי די קינדער:

— שטעהט אויף ממזרים, די בולקעס עסען, באַלד פער־ברענט מען חמץ און מען וועט ניט טאָרען עסען.

די קינדער אבער, אַלע פערהאַרעוועטע פון דעם נעכטיגען שייערן און כשר'ן אויף פּסח, שטעהען ניט אזוי שנעל אויף און פריידע מוז נאָך אויסשיטען איהר גאַנצען רעפּערטואַר קללות.

ענדליך זיינען שוין די אויפגעשטאַנען. שלמה קומט שוין פון בית־המדרש, וואו עס איז אָן ערב־פּסח'דיגער סיום געווען און ער האָט גענומען דאָרט אביסעל בראַנפ"ן מיט פערבייסען. פריידע טרייבט:

— נו, גיכער, לאָמיר שוין אָנבייסען די בולקעס מיט די מילך: באַלד דאַרף מען דאָך חמץ פערברענען.

— מיר ווילט זיך גאָר ניט עסען... כ'לעבען — וויצעלט זיך שלמה, האַלב־שכור'לעך... כ'האָב גענומען א ביסעל בראַנפען..

— מיר ווילט זיך נאָך אויך ניט עסען, אויף נאַמנות! — קלאָגט זיך דאָס עלטערע מיידעל, קוקענדיג אויף דער מוטער מיט די בולקעס.

— איך וויל נאָך אויך ניט... זאָגט א קינד.

קורץ, עס ווייזט זיך אַרויס, אַז קיינער וויל אויף צו־להכעיס ניט עסן. פריידעס אויפרעגונג איז ניט משער צו זיין.

— איהר פרעסט, צי ניט? — ברענט זי און כעס'ט, — ווארום איך וועל אייך מיט געוואַלט אריינשטאָפּען.

שלמה געהט זיך וואַשען, נאָך איהם די קינדער.

מען שטעלט זיך אַלע אַרום דער מולטער בולקעס, פריידע גיסט אַן יעדען צו גאַנצע גלאָז מילך און סטאַרעט זיך פריינד־ליך צו זיין; זי דאַרף יעצט זייער טובה.

— עסט, קינדערלעך.

הערענדיג אַזא ווייכקייט פון דער מאַמען, ווערען די קינ־דער געריהרט און עסען מיט געוואַלט אַ ביסען נאָך אַ ביסען. אָבער אַז די מילך איז געענדיגט בלייבט נאָך אין מולטער זעקס בולקעס.

פריידע קוקט אויף זיי פערצווייפעלט.

— משומדים, עסט! זאָל איך אַרויס וואַרפען זעקס בול־קעס?... פרעסט!

— כ'לעבען עס געהט ניט מעהר... בעט זיך שלמה — איך וואָלט דיר אודאי צוליעב געטהאָן...

— נו, און איהר? — ווענדט זי זיך צו די קינדער.

די בעסערע, מעהר געהאַרכזאַמע קינדער, וואָס ווילען צו־ליעב טהאָן דער מאַמען, נעהמען נאָך צו ביסען, די ערגערע אָבער האַלטען אין איין טענה'ן:

— עס געהט נים!...

עס העלפט ניט פריידעס ניט דאָס בעטען מיט גוטען, ניט דאָס שילטען; און אַ פערצווייפעלטע מוז זי אַ פיער בולקעס אַרויפטראָגען אויפ'ן בוידעם, וואו עס ערוואַרט זיי פערשימ־לונג און פערדאַרונג...

און זי שילט פול מיט ערביטערונג:

— זאָל פון אייך ווערען וואָס פון די בולקעס וועט איבער יום־טוב ווערען...

נאר אין הארץ גיסט זי ערשט אויס א זייגער עלף, ווען די בולקעס זיינען שוין אויפ'ן בוידעם, דער חמץ פערברענט און קיין מצה טאר מען ניט און עס איז א שאַד צו עסען — און אַט ערשט דאן איז זיך מישב א קינד און מורמעלט ארויס:

—עס ווילט זיך עסען...

און באלד ווייזט זיך ארויס, אז אלע ווילען עסען...

דאַ פעהלען שוין פריידע'ן קללות אויס, און זי מוז קיה־לען איהר הארץ מיט א קלאפּ, און זי רייצט זיך:

— אויפ'ן בוידעם ליגען פיער בולקעס...

און די קינדער הויבען אַן שטארק חרטה האָבען אויף זייערע זינד, וואָס זיי האָבען אין דער פריה ניט געגעסען, נאר די תשובה איז שוין שפּעט. און שלמה אליין, וועלכער האַט זיך שוין אויך גוט אויסגעהונגערט, געהט ארום א האלבער א פסח־דיגער און מורמעלט:

— היינט זיי א חכם און טרעף, אז עס וועט זיך באלד ווען עסען...

און א הונגעריגער ווארט ער אויפ'ן סדר, וועלכער וועט נאָך ערשט העט־ווען זיין...

און א הונגעריגער נעהמט ער אויף זיך, בלי נדר, אז אי־בער א יאָהר וועט ער אויפעסען אלע בולקעס, איבער א יאָהר וועט ער פאר'ן בוידעם ניט לאָזען קיין ביסען.

איבער א יאָהר איז אבער ווידער די זעלבע מעשה.

האָט שוין פריידע אמאָל געפּרובט באַקען נאָר דריי פונט, איז אויך געבליעבען א דריי בולקעס. ניט אנדערש ווי אימיצער האָט פערשאָלטען, ניט אנדערש !...

# א דראמא איבער 5 קארטאפעלס.

— וואס מען קען שוין די קארטאפעל אבזייען? — האט פריידע געפרעגט מיט א שטארק ערנסטען פנים, קוקענדיג צום טיש, וואו איהר מאן, שלמה דער שניידער האט גענעהט מיט צוויי פועלים.

שלמה האט נאך אפילו קיין צייט ניט געהאט צו לאזען די ארבייט, ער האט נאך געדארפט איין ארבעל ענדיגען און צו־שניידען א פאר הויזען פאר די פועלים, נאר דערהערענדיג דאס ווארט קארטאפעל, האט זיך ביי איהם דער „יצר הרע" אזוי צופלאמט, אז ער האט גלייך אויסגערופען:

— וואס פרעגסט דו, נארישע אידענע? אודאי אבזייען! קארטאפעל, אז עס ווערט פערטיג, זייט מען עס אב. וואס דען לאזען איבערקאכען זיך?...

— אלץ ווייס ער! — האט פריידע זיך געקרימט.

— וואס עפיס גוטע קארטאפעל? זיי צופאלען? — האט שלמה געפרעגט, ניט בעמערקענדיג פריידעס קרימערייי...

— וועסט עסען, וועסט דו וויסען! — האט פריידע ביין געענטפערט.

— נו, חברה! נעמט צו פון טיש, לאז מען שוין עסען אנבייסען! — האט שלמה געקאמאנדעוועט מיט א לוסטיג פייער'ל אין די אויגען.

די „חברה" וואס איז בעשטאנען פון צוויי דארע בחורים־לעך, האבען פלינק אוועקגעווארפען די ארבייט, פונקט ווי זיי וואלטען עס מעהר צוריק קיינמאל ניט בעדארפט נעהמען, האבען אוועקגעשטעלט דעם פרעס אונטער'ן טיש און זיינען שוין גע־

ווען גרייט מיט זייערע הונגעריגע מיילער איינשלינגען דאס, וואס די „גוטע“ בעל־הבית׳טע זייערע, פריידע, וועט זיי דער־לאנגען.

נאר ביי פריידע׳ן איז עס נאך קענטיג, ניט אין גאנצען פערטיג געווען, זי האט זיך נאך געפארעט מיט גרויס פערטראַ־גענקייט אין אויווען, פונקט ווי דארטען וואלט זי היהנער גע־בראטען.

אז פריידע האט שוין מיט גאט׳ס הילף די קארטאפעל פון אויווען ארויסגענומען און אוועקגעשטעלט דאס טעפעל אויפ׳ן פריפעטשיק, האבען די צוויי פועלים פרייער אבגעאטהעמט; שלמה אליין, אלס בעל־הבית איז מיט ברייטקייט צוגעגאנגען צום פריפעטשיק, און איידער פריידע האט נאך גענומען אבזייען, האט ער א חאפ געטהאן פון טעפעל מיט די הענד א צוגעברענטע קארטאפעל; די קארטאפעל איז אבער זעהר הייס געווען, שלמה האט זי ניט געקענט איינהאלטען, און זי איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענד אויף דר׳ערד.

די צוויי פועלים, וועלכע האבען צום אנהויב איהם שטארק מקנא געווען און ניט פערגונען, וואס ער געהט צו צום טעפעל נעהמען א קארטאפעל, האבען זיך ווי מיט נקמה צולאכט אויף דער שרעקליכער סיבה.

און פריידע האט אויפגעעפענט איהר מויל און האט אנ־געהויבען צו שרייען:

— א קארטאפעל גע׳פטר׳ט! טריפה האלז! איינהאלטען קען זיך דאס ניט, אזוי ווי איך וואלט עס געטראגען פערקויפען.

שלמה׳ן האבען פריידעס קולות קיינמאל ניט געארט. בפרט ווען עס געהט אין א קארטאפעל, און ווען זי האט שוין די קאר־טאפעל נעזייעט, האט ער זיך מכין געווען ווייטער א חאפ טהאן פון טעפעל א קארטאפעל. נאר פריידע בעמערקענדיג עס (אויך האט פריידע שוין געקאנט איהם!) האט מיט א ווילדען כעס א געשריי געטהאן:

— דו לאזט מיר פרעסער, אבזייען די קארטאפעל, צי ניט, ווארום איך שיט אוים באלד דעם טעפעל קארטאפעל אויף דר'ערד.

שלמה האט מורא געהאט צוליעב איין קארטאפעל פער־שפיעלען די גאנצע, און קוקענדיג מיט אפעטיט אויפ'ן טעפעל, איז ער זיך נעגאנגנען וואשען.

— איהר האט, א פנים, מורא פאר הייסע — האט ביי'ם וואשען זיך איינער פון די פועלים, בערציק, געפרובט מאכען א שמועס ווענען דער אראבגעפאלענער קארטאפעל.

שלמה האט איהם גאר נישט געענטפערט, נאר מיט א שארפקייט אויף איהם א קוק געטהאן. דער פועל האט חרטה געהאט וואס ער האט דעם „בעל הבית אויפגערייצט פאר'ן „אנ־בייסען" און האט אין הארצען א נדר גענומען קיין זייטיגע זא־כען מיט'ן בעל הבית קיינמאל נים רעדען. „חאפט איהם דער רוח, הענגט ער זיך אויף!"...

דער „עולם" האט זיך געזעצט צום טיש, פריידע האט פריי־הער דערלאנגט דאס ברויט, נאך דעם האט זי צוגעטראגען א פאר זויערע אונגערקעס מיט ראסעל.

— גוט! גוט! — האט שלמה געלויבט.קארטאפעל האט ליעב א זויערן אונגערעק, דאס ליגט אזוי אין דער טבע... גוט— גוט!

באלד האט פריידע אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש א גרויסע לעדיגע שיסעל. דאס איז געווען א מין דריטער קלונג, אז קארטאפעל נעהט! און ווירקליך האט אין א רגע ארום פריידע צוגעטראגען דאס טעפעל און האט מיט גרוים בריה'שקייט איבערגעקעהרט און אנגעהויבען שיטען אין שיסעל אריין. שלמה האט געקוקט ווי די קארטאפעל האבען פרעהליך איינע נאך יער אנדערער געיאגט זיך און געפלוינען מיט שמחה און ער האט העכסט צופריעדען אויסגערופען:

— גוט — גוט! א חוואט! נאר דאכט זיך אז וועניגלעך

א ביסעל! — האָט ער צום סוף געמאַכט א בעמערקונג, זע־הענדיג, אז די שיסעל איז ניט פול.

— עס וועט דיר זיין גענוג צו לעבען! — האָט פריידע מיט רוגזא געענטפערט.

שלמה האָט די ערשטע קאַרטאָפעל גענומען, נאָך איהם האָבען גענומען די צוויי בלייכע דאַרע פּועלים, הערציק און בערציק, און די סעודה האָט זיך פרעהליך אַנגעהויבען. ביי דער צווייטער קאַרטאָפעל איז שלמה אריין אין זיין ראָלע און האָט פערקאַשערט אביסעל די היטעל, ווי זי וואָלט איהם געשטערט צו שלינגען. און די צוויי דאַרע בלייכע פּועלים האָבען ווילד געגלאָצט די אויגען: די קאַרטאָפעל איז פאַר זיי צו הייס געווען; וואַרטען, וויעדער, זיי זאָלען זיך אביסעל אָבקיהלען האָבען זיי מורא געהאַט, אז ר' שלמה זאָל זיי מיאוס ניט אָבטהאָן, און זיי האָבען געשלונגען הייסע שטיקער...

אז שלמה האָט געהאַלטען שוין ביי דער זעקסטער קאַר־טאָפעל, האָט זיך די טהיר געעפענט, און עס איז אריין אין שטוב חיענע די שוסטערקע, וואָס האָט געוואָהנט געגענאיבער און האָט זיך געהאַלטען מיט פריידע אין קרובה'שאַפט. שלמה אליין, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, האָט אפילו אויך ניט געשטאַמט פון גרויסען יחוס, פון דעסטוועגען האָט ער זיך מיט דער שוסטערין אביסעל געשעמט, ווענינסטענס ניט צופריעדען געווען מיט איהר און פלעגט זי ניט ליידען.

— וואו איז פריידע? — האָט חיענע געפרעגט קוקענדיג צום טיש, וואו די חברה האָט „געריבען“ די סעודה.

— איך וויים וואו! — האָט שלמה טרוקען ארויסגע־ברומט — מסתמא אין קיך!

— איך בין דאָ חיענע! — האָט זיך געהערט פריידעס קול פון קיך.

פריידע איז ארוים פון קיך.

— מען דאַרף אַנקאַרמענען אזא „צעקער“, אזא „פלוימע“!

האָט זי זיך געקלאָגט פאַר חיענען, רק מען פאַרעט זיך, ברוך השם!

— דו האָסט היינט גאָר געקאָכט אויף אַנבייסען קאַרטאָפעל — האָט חיענע געפרעגט, קוקענדיג מיט הונגעריגע אויגען צום טיש.

— יאָ, קאַרטאָפעל, — האָט פריידע געענטפערט ווי מיט אַ זיפץ, — איך האָב אפילו קיין צייט ניט צו עסען. נעהם, חיענע, אַ קאַרטאָפעל, האָט זי ענדליך צוגעלעגט, ווי מיט אַ האַלבען מויל.

שלמה האָט מיט כעס אַ הוסט געטהאָן, און די צוויי פועלים זיינען בלייכער געוואָרען.

— מען דאַרף טאַקי פערזוכען אַ קאַרטאָפעל — האָט חיענע זיך פרום פערקנייטשט צוגעהענדיג צום טיש נעהנטער.

שלמה האָט זיך נערוועז אַ הויב געטהאָן פון באַנק און זיך צוריק אַראָבגעלאָזען, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן פאַר כעס.

— טייערע קאַרטאָפעל! — האָט חיענע געלויבט, עסענ־דיג די קאַרטאָפעל מיט גרויס אַפּעטיט.

„זאָל איהר באַקאָמען ווי אַ רוים!“ — האָט שלמה אין האַרצען געשאָלטען.

— גאָר גוטע קאַרטאָפעל, וואו האָסטו דאָס געקויפט? — האָט חיענע אַלץ געלויבט און גענומען נאָך איינע.

שלמה האָט אַ ציטער געטהאָן. ווען ער וואָלט זיך ניט גע־שעמט, וואָלט ער אַ חאַפּ געטהאָן די שיסעל צו זיך און ניט געלאָזט, נאָר ער איז אַזוי שטאַרק ניט געוועזען און ער האָט נאָר זעהר כעס'דיג געהוסט.

— וואוילע קאַרטאָפעל, עס צוגעהט אין מויל! — האָט חיענע אַלץ געלויבט און האָט גענומען אַ דריטע קאַרטאָפעל.

— „אַ רוח אין איהר טאַטען אריין, וואָס איז דאָס פאַר אַ העזה!“ — האָט שלמה שטיל געקאָכט. „דעם מוח וועל איך איהר פּלעטען!“...

— מארגען, אם ירצה השם, דארף מען אויך קאכען קאר־טאפעל — איך האב שוין לאנג נ"ט געקאכט.

— אז מען האט ניט, קאכט מען ניט, עסט מען ניט — האט שלמה געברומט אהן צוזאמענהאנג, נאר פאר ווילדען חשק צו שטעכען דער ארעמער קצבנ'טע, דער מיאוסער שוסטערקע, וואס פרעסט אויף זיינע קארטאפעל.

— ניין, ניט דאס, איך האב ניט קיין צייט צו שיילען — האט היענע, ניט פערשטעהענדיג שלמה'ס כעס געענטפערט און האט גענומען נאך א קארטאפעל.

— „שלעכט!" האט שלמה געטראכט און א ווארף גע־טהאן א פערצווייפעלטען בליק צו די צוויי פועלים, ווי ער וואלט זיי געזאגט: חברה וואס שווייגט איהר, ראטעוועט! שוין פיער קארטאפעל! — די פועלים האבען אבער גאר נישט פערשטא־נען און היענע האט גענומען א פינפטע קארטאפעל. . . .

. . . . . . . . . . . . . .

— דו ! ! ! — האט שלמה ווילד אויסגעברומט, אז היענע איז ארויס, — דו ! ! ! וואס האסטו איהר געבעטען עסען קארטאפעל, הא? „בעל צדקה!"

— איך וויים, — האט פריידע, ווי פערשולדיגט געענט־פערט, מען קען דאך ניט זיין קיין „חזיר" — א מענש געהט אריין, בעט מען עסען, זי דארף דאך אבער אויך קיין חזיר ניט זיין, זי דארף דאך האבען איהר אייגענע איידעלקייט און ניט עסען.

— דיינע א קרובה וועט האבען איידעלקייט! — האט שלמה געברומט.

— דיינע קרובים זיינען טאקי זעהר איידעל! לייבטשי דיין טייערער פעטער, אז ער קומט א מאל שבת פרעסט ער אויף אלץ...

— שווייג! — האט שלמה זיך צעקאכט. דערזעהענדיג שוין באלד די דעק פון שיסעל און דערמאהנענדיג זיך, אז ווען

די שוסטערין וואלט ניט אריין וואלט נאך מיט פינף קארטאָ־פעל מעהר געווען — אויף זיין חלק צוויי און אפשר דריי...

— איך האב מורא פאר דיר, טאקי! — האט פריידע זיך ניט אונטערגעגעבען.

בערציק און הערציק האבען גענומען נאך צו קארטאפעל.

די שיסעל איז נאך לעדינגער געווארען, און שלמה'ן האט זיך נאך געוואלט, אזוי שטארק געוואלט שלינגען זיי, שלינגען אהן א סוף, און די פינף קארטאפעל, וואס חיענע, די מיאוסע שוסטערין, האט אויפגעפרעסען האבען איהם רוהען ניט געלאזט, און ער האט וויעדער א ברום געטהאן:

— דו שווייגסט!?... איך פלעט דיר דעם מח.

— איך לאך פון דיר! — האט פריידע זיך ניט געוואלט אונטערגעבען.

די שיסעל איז לעדיג געווארען, אויף שלמה'ן איז אנגע־פאלען א ווילדער כעס: די פינף קארטאפעל האבען איהם באמת געפעהלט און זי לאכט נאך פון איהם. — זי, וואס זי האט אזא פרעסערין פאר א קרובה. ער האט פאר כעס ניט געקענט רעדען.

ער האט נאר געזוכט עפעס אויפ'ן טיש, דאס הארץ איז געווען איבער פול מיט רציחה. פריידע האט בעמערקט זיין רציחה, און עס האט איהר אויך שרעקליך פערברענט; זי האט אפילו איין קארטאפעל ניט פערזוכט, זי האט קיין צייט ניט געהאט, און ער האט זיך אנגעפרעסען ווי א פויער און ער שרייט נאך און זי האט א געשריי געטהאן:

— גזלן דו, פרעסער, שכור!

— וואו איז די שער? די שער? די שער!! — האט שלמה פאר רציחה געשריען. איך וועל איהר פלעטען דעם מח.

און די שטוב האט זיך געהויבען אין דער לופטען..

# דער קראנקער פינגער.

ביי זעליגען, א בלאסער אכצעהניעהריגער פועל, וועלכער ארבייט שוין ביי לייזער דעם שניידער צוויי יאהר און בעקומט שכירות פופציג רובל א יאהר מיט קעסט, האט „אנגעריסען" א פינגער און אקוראט יענער פינגער, אהן וועלכען די נאדעל קען ניט אויסקומען, מוז איהם נויטיג האבען. ערב רייסען האט זעליג קיין יום־טוב דערפון ניט געמאכט. ער האט אפילו גע־וואוסט, אז דעם יום־טוב פון פינגער־רייסעניש, וועט ער מוזען פייער'ן, עס העלפט ניט קיין חכמות: ער האט אבער געמאכט עטליכע טעג „נדחה", אבגעלעגט אויף מארגען, איבער־מארגען און ווייטער אויף מארגען. דעם לעצטען פריה־מארגען איז ער אבער אויפגעשטאנען מיט א פינגער, וואס האט געהאט דעם אויסזעהן פון א גלאז און מיט א שטעכעניש, וואס איז אזש אין די שפיץ פינגער פון די פיס פערגאנגען. אז ער האט גע־דארפט אנטהאן דאס רעקעל און דער קראנקער פינגער האט זיך פערטשעפעט אין די צוריסענע אונטערשלאג פון ארבעל, האט ער זיך שמערצליך פערקרימט און געגעבען א קרעכץ ווי אין דער היים פאר דער מאמען:

— אי!

דא אבער, ביי'ן שניידער, האט עס קיינער נישט געהערט און זעליג האט זיך ניט געקענט קיין עצה געבען, וואס צו טהאן, ווי אזוי מעלדעט מען עס פאר'ן בעל־הבית און פאר דער בעל־הבית'טע. מען דארף האבען דערצו א כח פון א... ער ווייס אליין נישט וואס פאר א כח — ער ווייס נאר, אז ער וועט עס ניט קענען מעלדען.

און זעליג בעשליסט זיך שווייגען, זיצען אנ׳אנגעטהונע־נער און שווייגען אין געהאקטע וואונדען: זאל זיין וואס עס וועט זיין, וועט אויסקומען צו דערצעהלען וועט ער דערצעהלען.

די צוויי איבריגע פועלים האבען זיך שוין אנגעטהאן און האבען זיך געזעצט צו דער ארבייט. זעליג האט אויף זיי גע־קוקט מיט קנאה. אט זיינען זיי גליקליכע מענשען, זיי האבען געזונדע מיטעלסטע פינגער און וועלען זיך זעצען ביז אנבייסען און געהען, און נאכדעם וועלען זיי זיך „איינרייבען“ די גוטע קארטאפעל מיט די אוגערקעס, מיט דעם טייערן מילכיגען קרופ־ניק פערזופען און זיך ווייטער זעצען נעהען, ביז מיטאג; שען און פיין. וואס וועט זיין מיט איהם?...

— וואו איז דאס זעליג ערגיץ? — קייקעלט זיך א קול פון לייזער׳ן, וועלכער שטעהט ביי׳ן גרויסען טיש און צייכענט אן א סורדוט מיט קרייד, וואו די קנעפ איינצונעהען.

— איך בין דא... שטאמעלט זעליג, שטעהענדיג אין ווינ־קעל. ווייסט ניט וואס צו ענדיגען און בלייבט אנשווייגען.

לייזער ווערט נשתומם פון ענטפער, גיט א קוק אין זעליג׳ס ווינקעל און וויצעלט זיך:

— ביזט דא? יישר כוחך! ווילסט זיך דורכגעהן אפשר א ביסעל שפאצירען? אין דער פריה שאדט עס נישט. עס וועט זיך עסען געשמאקער...

— א פינגער רייסט... מאכט זעליג א טריט נעהנטער צום טיש, און שטרעקט אויס דעם קראנקען פינגער, מיט א מינע פון א גנב ווען ער איז זיך מודה, אז ער האט גע׳גנב׳עט.

— וואס? דערהערט ניט, אדער מאכט זיך לייזער ניט הערענדיג — וואסער ציעג?

— א פינגער אנגעריסען, ווי א גלאז! ווערט שוין זעליג דרייסטער און האט א העזה אונטערצורוקען דעם גלע ערנעם פינגער גלייך דעם בעל הבית אין די אויגען אריין און שמייכעלט, ווי געריערט: נא. האב פון מיר נחת!...

— ביזט א חכם! — שרייט אוים לייזער קוקענדיג מיט א דאָקטאָרישען בליק אויפ'ן פינגער — האָסט געפונען א צייט ווען א יום־טוב צו מאכען.

— וואָס קען איך העלפען? — פערענטפערט זיך זעליג און שמייכעלט דאכט זיך מיט א טרעהר — דאָס איז דאָך ניט מיט א כיון...

— ניט מיט א כיון, יאָ מיט א כיון, חקר'נט זיך לייזער בייזליך — די ארבעל וואָס דו האָסט צו מאכען, וועלען אבער דערפון ניט ווערען פארטיג.

„גוט אָבגעשפּיעלט"! — „דאנקען גאָט"! — טראכט זעליג נאָך דעם בעל הבית'ס ווערטער און וואָלט שוין זיין גאָר צופריעדען, ווען ער וואָלט געהאט אזא ווינקעל וואו צו בעהאַל־טען זיך, אז קיינער זאָל איהם ניט זעהן, ער זאָל זיך קענען זיצען שטילערהייד און צוהערען זיך צום וועהטאָג און פּאמע־לעך קרעכצען: אי — אי...

אזא אָרט איז אבער ניטאָ, סיידען אין קיך; אין קיך קאָכט אבער ציפּע אָנבייסען און זי איז ביים קאָכען זעהר בייז און וועט איהם געוויס ניט לאָזען רוהיג...

ער שטעהט אין מיטען שטוב און ווייסט זיך ניט צו וואָס צו כאפּען.

— אוי, עס נעמט! עס נעמט! פּרובט ער ארויסרופען ביי לייזער'ן מיטלייד צו איהם, אויסשטרעקענדיג אין דער הויך דעם פינגער.

די צוויי פּועלים גיבען אויף איהם א קוק, ווי גערעדט: ברודער! וואָס קענען מיר דיר העלפען?... ווייסט דאָך...

נאָר זעליגען איז זייער בליק ניט וויכטיג; איהם איז נויטיג פון דעם בעל־הבית א וואָרט... לייזער אבער שווייגט.

— ער מוז זיין אין כעס! שרעקט זיך זעליג און פּרובט פערגרינגערן לייזער'ס כעס מיט א קרעכץ. עס טהוט טאקי וועה, עס שנייאַט ווי מיט מעסער.

— אי, ווי עס רייסט!

— נו, ברודער! — ווענדעט זיך לייזער צו איהם, קיין קינפּעטאָרין ביזט דו נאָך ניט, קיין סכנות שטעקט ניט, סיידען פאַר מיין קעשענע. קרעכצען געה אין בעט...

זעהר ניט גוט, דער בעל הבית איז אין כעס טאַקי... קרעכ־צען דאַרף מען ניט. וואו דען טהוט מען זיך אהין?

זעליגען פאַלט גאָר איין צו זאָגען דעם בעל־הבית, אז מאָר־גען וועט דער פינגער זיכער בעסער ווערען.

— מאָרגען וועל איך מסתמא קענען נעהען... שטאַמעלט ער אַרויס.

— איך בין גליקליך! — ענטפערט לייזער איראָניש.

— ע, דאָס איז שוין אַן עולה — טראַכט זעליג — איך קוק ניט וואָס דער פינגער שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען און וויל זיך סטאַרען מאָרגען געהען און דו — גאָר נישט. ביזט א שלעכטער...

און זעליג בעשליסט, אז ער וועט גאָר ניט בעשטעהן אַן איהם. וואָס שרעקט ער זיך אזוי? א נייס, אז עס רייסט אַן ביי א שניידער־יונג א פינגער, מען נעהמט אזוי פּיעל! א קליי־נינקייט! א פינגער איז דאָך ניט פון אייזען, רייסט ער אַן א מאָל, איז וואָס איז דאָס פאַר אַן אונגליק! עס איז א העזה צו זיין אין כעס! זעליג ווערט שטאַרק ברוגז: לאָ די וואָס דער בעל הבית טרייסט איהם ניט, קרימט ער זיך נאָך. וואָס קרימסטו זיך?

און זעליג פּראָטעסטירט שטאַרק אין האַרצען קעגען בעל־הבית און רוקט זיך אָב מיט האַלב זיכערע טריט צום בעט, וואו ער זעצט זיך אוועק, קוקט אויפ'ן פינגער, בלאָזט אויף איהם און פערגינט זיך אַרויסלאָזען א קרעכצעלע און איז זיך גאָר מחיה... מורא האָבען וועל איך, וואָס? טראַכט ער ביי זיך דרייסט און נעמט זיך קרעכצען אָפּטער און העכער, און ער פיהלט, אז ער איז גאָר ניט אזא ציטעריגער, ווי מען מיינט...

נישקשה, אז ער דארף און ער וויל קאן ער קרעכצען... ער לאכט זיך פון איהם אויס !...

אין א פאר שעה ארום איז ציפע אריין פון קיך אין שטוב און א פערשוויצטע מיט אונטערגעקאשערטע עקען פון טיכעל אויף די אויערן, מיט ארויסגעלאזענע הענד און מיט א שטרענגען פנים, האט זי אבגעגעבען א ראפארט:

— דער אנבייסען איז שוין פארטיג! מען דארף גרייטען צום טיש.

זעליג, וועלכער פלעגט אלע טאג דעם ראפארט אבווארטען מיט גרוים אונגעדולד און אויסהערען ניט אהן פרייד, האט איצט דערפיהלט זיך ווי פערלארען. ער האט אראבגעלאזט די בליקען צום פינגער, ווי ער וואלט איהם אן עצה געפרעגט:

— קען איך געהן צום טיש עסען? געגעהט האב איך היינט ניט... ווי זאגסטו — עס פאסט?

דער פינגער האט אבער נאך שטרענגער געקוקט. גלייך א שטארקען שטאך געטהאן און גאר נישט געענטפערט.

זעליג האט געזעהן, ווי ציפע שפרייט אויס איבער'ן האלבען טיש א טישטוך, לעגט אוועק א לאבען ברויט מיט א מעסער און זי לאזט זיך געהן צוריק אין קיך. ווייעדער זעהט ער, ווי די צוויי פועלים איידער זיי געהען זיך וואשען, ברעכען אב צו ביסען ברויט עד לחשבון און קייען מיט אפעטיט. דער פינגער שטעכט איהם וואס א רגע מעהר, ער איז אן אמת'ער חולה. דער קאפ אפילו טהוט איהם אויך וועה, און דאך, ווי צו להכעים ווילט זיך איהם היינט מעהר עסען ווי אלע טאג, און גאט ווייסט, צי וועט ער האבען כח איינזיצען אזוי אויפ'ן בעט און ניט געהן עסען...

צוצוגעהן אבער צום טיש דארף מען האבען אויך א כח. וואו־זשע נעהמט מען איהם? מה דאך אז ער נעהט אויף אין דער פריה א פאר הויזען און פערדינט זיכערע 2—3 גילדען,

זעצט ער זיך עסען ווי אז אָרעם בחור און עסט אַלע מאָל ווענ־גער וויפיעל ער וויל, ווייל איהם דאכט זיך אלץ, אז לייזער קוקט איהם אין מויל אריין און רעכענט זיך צי לוינט איהם צו האַלטען אזא עסער, א פשיטא שוין היינט וואָס ער האָט גאָר גישט פערדיענט...

און די פראגע „עסען צי ניט“ פילט אַן זעליג'ס מח און ער פערגעסט אויף א ווײַלע דעם וועהטאָג.

אַט זיצט שוין לייזער ביים טיש, ביי די זייטען — די צוויי פועלים. זיי קוקען צום קיך־טהיר, פון וואַנען ציפּע דאַרף עפּעס אריינטראָגען. עס געדויערט עפּעס צו פיעל. לייזער ווערט בייז און ניעט א ברום:

— וואָס פּאַרקעסטו זיך דאַרטען? דיינע שעהנע מאכלים! זעליג דערשרעקט זיך פאַר'ן בעל־הבית'ס שלעכטען הומאָר. צו־געהן צום טיש איז איצטער א סכנה. ער זעהט ווי די פּועלים, וואָס האָבען געזונדטע פינגער און האָבען עהרליך דעם גאַנצען פריהמאָרגען געאַרבייט, ציטערן אויך ווי א פּיש אין וואַסער, קייען די שטיקלעך ברויט און קענען דוכט זיך ניט אראָבשלינ־גען... און זעליג בעט גאָט, אז מען זאָל גאָר ביים טיש פערגע־סען, אז עס עקזיסטירט דאָ ערגיץ אין שטוב, אויפ'ן בעט ערגיץ, נאָך א פּועל, וואָס מען רופט איהם זעליג... זאָל מען איהם לאָ־זען זיצען רוהיג, זאָל ער ניט דאַרפען בעגעגענען זיך מיט ליי־זער'ס בליקען...

נאָר עס געראָט ניט. אז ציפּע טראָגט אריין די גרויסע שיסעל מיט קאַרטאָפעל און די טעלער מיט די זויערע אוגער־קעס, ווערט לייזער ווי ווייכער, ער זאָגט מבינות אויף די קאַר־טאָפעל און עסט מיט גרויס אפּעטיט. זעליג וואַרט אויף עפּעס און דאָס האַרץ וואַרפט זיך ווי ער וואָלט ערוואַרטען דעם בע־שלום וועגען זיין ווייטערדיגען לעבען.

— וואו איז דאָס ערגיץ זעליג? — פרעגט פּלוצים ציפּע, וועלכע זיצט שוין אויף ביים טיש.

זעליג רעכענט ניט פאר איבריג צו געבען אן ענטפער דורך א קרעכץ, און זאָל מען שוין דאָרט ביים טיש ערקלערען וואָס מיט איהם איז... ער שטרענגט אָן די אויערן.

— זעליג איז א חולה! הערט ער לייזער'ס איראָנישען טאָן.

— זעליג! — רופט ווידער לייזער.

— האַ! — רעדט זעליג שוואַך ארויס, און וואַרט אויף א איינלאַדונג צום טיש...

— פון דעסטוועגען גען צום טיש! — רופט לייזער פון יוצא וועגען.

„פון דעסטוועגען" — — וואָס עפּעס פון דעסטוועגען" — קריטיקירט ער איין גערדאנק דעם בעל הבית'ס טאָן, און ער איז זיך נוקם און שווייגט, האָטש ער ווייס, אז די נקמה איז א געפעהרליכע. יעדע מינוט, יעדער רגע ווערט איין שיסעל ווייניגער.

— וואָס? א פינגער רייסט איהם מסתמא? — פרעגט ציפּע קאַלט, ווי איהר געהט די גאנצע מעשה ניט אָן.

— וואָס דען? — ענטפערט נאָך קעלטער לייזער — ווע־מען זאָל רייסען א פינגער אז ניט איהם? — זעליג, גען צום טיש... זעליג גיט א קלער אהין און אהער, אהער און אהין, און ווי ער וואָלט אויף זיך אליין קיין דעה ניט האָבען, געהט ער צו צום טיש, זעצט זיך אויף דעם שפּיץ בענקעל און ער הויבט ניט אויף די אויגען.

— לעג איהם אריין אין טעלער'ל א פּאָר קאַרטאָפעל,— ווענדעט זיך לייזער צו ציפּען. ציפּע רוקט איהם אונטער א טעלער'ל מיט עטליכע קאַרטאָפּלעס און זעליג מאַכט זיך האַרץ

און עסט אויף איינע. ער וויל נעהמען א שטיקעל ברויט. נאר קיין אנגעשניטענע אויפ'ן טיש איז ניטא. יעדער האלט נעבען זיך א שטיקעל, און ער אליין זאל נעמען צו זיך דעם לאבען און אבשניידען האט ער היינט ניט קיין העזה, און ער עסט אהן ברויט.

— וויין, וויז דעם פינגער! — רייסט איבער אין מיטען ציפע. זעליג לאזט דאס עסען, און חאפט זיך מיט אימפעט ווייזען דעם קראנקען פינגער, זאל זי טאקי זעהן, זאל זי ניט מיינען...

— א פינגער ווי א בארג! — זאגט ציפע און קעהרט גלייך אב דעם קאפ. ער וועט צורייבען א וואך, אויב ניט מעהר.

לייזער גיעט א קרומען בליק אין זעליג'ס ווינקעל. זעליג ווערט צוטומעלט, און פאר צוטומלונג נעהמט ער נאך א קארטאפעל, נאר אראבשלינגען קען ער בשום אופן ניט, ער ווארגט זיך מיט איהר. די אויגען ווערען אנגעלאפען מיט בלוט, אין די שלייפען האקט און דער פינגער קעהרט ממש וועלטען, ער שטעכט און רייסט און בריהט...

זעליג דערשלינגט ווי עס איז די קארטאפעל און א קרעכץ נעבענדיג הויבט ער זיך אויף און געהט אוועק צום בעט, און בעשליסט, אז ביז וואנען דער פינגער וועט זיך ניט אויסהיי־לען וועט ער צום טיש, עסען אפילו, ניט צוגעהן.

צוקומענדיג צום ווינקעל בעט, ווארט ער דאך, אז מען וועט איהם איינלאדען צום קרופניק, און עס קען זיין, אז ער וואלט אפשר געבראכען דאס ווארט און געגאנגען... ציפע איז זעהר א שלעכטע בעל־הבית'טע, קרופניקעס, אבער, א מכה איהר, קאכט זי זעהר גוטע, צום קרופניק אבער לאדעט מען שוין איהם ניט און זעליג האט חרטה, וואס מיט די פאר קארטאפעל

האט ער זיך נאר מיאוס געמאכט, און ער זאגט זיך אליין מוסר:

— פרעסער! אז מען נעהט ניט, עסט מען ניט, ליעגט מען אין געהאקטע וואונדען...

און דער פינגער שוויינט אויך ניט. ער הויבט אן וואס א מינוט שארפער און שארפער צו שניידען. אבער זעליג שטארקט זיך: ער קרעכצט ניט. ער בעשליסט אפילו זיך זעצען צו דער ארבייט און זאל געשעהן מיט'ן פינגער וואס עס זאל גע־שעהן: ער מעג איהם אפילו פערליערען: צו אלדי שווארץ יאהר מיט'ן פינגער, מיט דער גאנצער האנד!...

# דעם טאטענ'ס שטיוועל.

**אלע** ווייסען, אז שטיוועל „מאכט מען" און א הויז בויט מען. חיים, אן ארימער טאטע פון 5 קינדער מיט א צוגאב א ווייב, איז קיין משוגענער ניט געווען. פון דעסטוועגען פלעגט ער שטענדיג זאגען: מען דארף בויען א פאר שטיוועל, אדער: איך האב, גאט צו דאנקען, אויפגעבויט א פאר שטיוועל... און זאגען פלעגט ער דאס ניט אין א וויץ — חיים'ען איז ניט געלעגען אין קאפ זיך צו וויצלען, — נאר אין ערנסט. דערפון קאן מען שוין פערשטעהן, ווי ווייט חיים'ען איז שווער אנגעקומען צו מאכען זיך א פאר שטיוועל. און נישט אפט, פערשטעהט זיך, איז חיים אין שטאנד צו בויען זיך שטיוועל: אין משך פון צוואנציג יאהר נאך זיין חתונה, האט ער זיך סך הכל געבויט דריי פאר שטיוועל. עס איז לייכט אויסרעכנען, אויף ווי פיעל יאהר עס מאכט אויס א פאר שטיוועל און צו בעגרייפען, ווי פיעל לאטעס א פאר שטיוועל האט מיט דער צייט בעקומען...

חיים פלעגט זאגען, אז ווען עס זאל זיך ווענדען נור אן איהם אליין, וואלט ער געטראגען א פאר שטיוועל בי'ן טויט אריין; ווארום ער ווייסט, ווי אזוי מען דארף זיך בעגעהן מיט א פאר שטיוועל; ער פערשטעהט ווען די פאר שטיוועל זיינען דארשטיג, און ווילען א טרונק, נאטירליך ניט קיין וואסער. נאר „דזיעגיץ", וואס ער פלעגט קויפען פאר דער לעצטער קאפיקע— און ווי אזוי זיי אבצוהיטען פאר איין אונגליק, ווי א פלאצונג פון דעם לעדער, א ריס א. ד. ג. איז אבער איין אונגליק, אז מיט די שטיוועל, וואס געהערען איהם אליין על פי דין און על פי יושר, און מען רופט זיי טאקי אין שטוב: „דעם טאטענס

שטיוועל", בענוצט זיך דאך דאס גאנצע הויז־געזינד, איבערהויפט הערבסט און ווינטער צייט, און דאס איז פאר די שטיוועל גע־וועז, ווי חיים פלעגט זיך בייז אויסדריקען „אן אמת'ע הריגה"— מען קוילעט זיי ממש אוועק פאר דער צייט! אט, למשל, די יעצ־טיגע פאר שטיוועל, וואס ער האט ערשט סך הכל מיט 5 יאהר צוריק געבויט, האבען שוין דריי לאטעס און וואלטען, עס זאל גאר זיין געווען אין קעשענע און פרעהליך אויפ'ן הארץ, גע־דארפט נויטיג ווי דאס לעבען, א פיערטע לאטקעלע.

מילא, אז דאס ווייב, וואס האט נעבעך זעהר צעריסענע שיך, טהוט זיי אן אין דער פריה, ווען חיים שלאפט נאך און געהט אין זיי נאך וואסער, איז א האלבע צרה; ערשטענס איז זי אן „עלטערער מענש" מיט שכל, און וויים, ווי אזוי מען בע־געהט זיך מיט א שטיוועל (חאטש, אייגענטליך, איז דאס א מאנסבילשע זאך...), צווייטענס האט זי טאקי קיין עין הרע אויך א גרויסען פוס, פונקט ווי זיינער, און דאריבער שאדט איהר טריט ניט אזוי שטארק. די זעלביגע זאך איז מיט די עלטערע קינדער, וואס האבען אויך נעבעך אלע צעריסענע שיך, וואס גייען אין קוויטשען, ווי מען שטעלט זיי נאר ארויס אויף דער בלאטיגער גאס. און זיי, וואס געהען זומער־צייט ארום באר־פיס, האבען אויך, קיין עין הרע ניט, גרויסע פיס און פון זייערע א טריט קען אויך אזוי שטארק א שטיוועל נישט ליידען. דאס אונגליק איז נאר מיט לייבעלען, מיט'ן 12 יעהריגען מו־זיניקעל, וואס האט לחלוטין קיין שיך ניט און האט, בערך א קליין פיסעל, און אט זיין פיסעל איז שוין א הריגה פאר'ן שטיוועל....

חיים, וואלט איהם אפילו ניט געלאזט זיי אנטהאן: אין חדר געהט ער שוין דעם לעצטען ווינטער סיי ווי סיי ניט. ער אליין לערנט מיט איהם א שטיקעל חומש. ארויסגעהן אויפ'ן הויף, קען ער אין די „חאדאקעס*.) וואס זיינען ספעציעל גע־מאכט געווארען צו פערשאנעווען די איינציגע פאר שטיוועל

און יענע שיך פון שטוב, וואס זיינען שוין לאנג אפילו, דאך אמאל ניי געווען... ווילט זיך איהם אבער ארויסגעהן אין מארק אריין, ווען מען וויל גראד שיקען איין עלטערן נאך א האלבען הערינג, למשל:

— ווילסט געהן אין מארק אריין — זאגט איהם חיים כלומרשט בייז, ווארום אין אמת'ן האט ער איהם ליעב — נעה אין די „חאראקעס".

— אין די חאראקעס! — פערקרימט זיך ליבעל וויינענ־דיג, — עס איז דאך קאלט.

— קאלט? טא זיץ אין שטוב! — ענטפערט חיים.

— אין שטוב, אין שטוב! — וויינט לייבעל — א גאנצען טאג אין שטוב?

— מילא, גיעב איהם שוין די שטיוועל! — מישט זיך אריין די מאמע, — זאל דאס קינד זיך אביסעל דורכלופטערן. ער ווערט דאך נעביך פארזעסען.

— ביזט א בעל צדקה! — בייזערט זיך חיים און הויבט אן, פון דעסטוועגען, אראבצושלעפען די שטיוועל, פריהער פון לינקען, דערנאך פון רעכטען פוס, ווי עס שטעהט ערגיץ אין א ספר (חיים איז א איד וואס קען לערנען!)

— נא! — זאגט ער ארויס, ווענדענדיג זיך צו לייבעלען מיט א טאן, אין וועלכען עס הערט זיך: נעהם מיין נשמה!

לייבעל, וואס פערשטעהט ניט, ווי גרויס דער קרבן איז, ווארפט שנעל פון זיך אראב די חאראקעס מיט א שטראהלענדיג געזיכט הייבט ער אן ארויפציהען דעם רעכטען שטיוועל אויף דעם לינקען פוס...

דערזעהענדיג אזא ווילדען טעות, ווערט חיים ווירקליך בייז און, אהן א ווארט צו רעדען, נעהמט ער צוריק די שטיוועל.

— פאר וואס? — פרעגט לייבעל מיט א געקלעמט הער־צעל. אויסשטעלענדיג אויפ'ן טאטען די פערטרערטע אויגען.

—דערפאר, וואס דו ביזט א גוי. ווי טהוט מען אן שטי־

וועל? דעם רעכטען אויפ'ן לינקען פוס? ! צעקרימען ווילסטו זיי? !

לייבעל בלייבט שטעהן, ווי א פערשולדיגטער, אהן א וואָרט פערטיידיגונג, און אין דער אמת'ן — מיט וואס קען ער זיך פערטיידיגען געגען אזא עולה, ווי ער האָט געטהאָן? אנטהאָן דעם רעכטען שטיוועל אויף דעם לינקען פוס!...

מישט זיך אבער ווידער אריין די מאמע (אַ, די מאמע, די מאמע, לאנג לעבען זאָל זי!...) און זאָגט:

— פון וואנען זאָל ער, נעביך, וויסען, ווי מען טהוט אָן א פאָר שטיוועל? דו האָסט א סך פאָר שטיוועל איהם געמאכט („געבויט" ווילט זיך חיים'ען פערבעסערן. נאָר ער בלייבט ביים וועלען). די „חאראקעס" וואס ער טראָגט, זיינען איינפּי־סיגע.

ביי אזא מין גערעכטיגע פערטיידיגונג ווערט שוין לייבעל שטאָלץ און טרייבט שוין אפילו איבער די מאָס. ער גיעט, ווענדענדיג זיך צום טאטען, א געשריי:

— גיעב מיר די שטיוועל! די שטיוועל גיעב אהער!...

איצט דערפיהלט זיך חיים שולדיג! האָט קיין מוט ניט צו אָנשרייבען אויף לייבעלען, וואס איז עובר אויף „כבוד אָב" און ער גיעהט איהם צוריק די שטיוועל, און לייבעלע טהוט זיי שוין אָן ווי געהעריג איז.

— אָט אזוי! לויבט חיים.

אז ער קוקט זיך אבער צו, ווי אזוי לייבעלע מאכט דעם ערשטען טריט, קען ער זיך ניט איינהאלטען און גיעט איהם א רוף צוריק:

— ווי אזוי נעהסטו? קרים ניט די אבצאסען. געה ווי א מענש!

נאָר לייבעל הערט שוין נישט! ער האָט שוין האסטיג גע־עפענט די טהיר און ער „שוועבט" שוין, אין די גרויסע שטי־וועל, איבער דער בלאָטיגער גאס און איהם דאכט זיך, אז פאָר

שמחה האָט ער בעקומען פּלינעל.

א קליינינקיים: ער, לייבעלע, א שנעק פון 12 יאָהר, נעהמט אין טאַטענס שטיוועל, אין אזוינע גרויסע!...

און פאַר גליק, שפּרינגט ער אונטער, האָטש ער ווייס, אז פאַר די שטיוועל איז עס ווי דער טאַטע זאָגט: „איין אמת'ע הריגה“...

# די אידענע מיט'ן באָב.

דער גרויסער טאָפּ באָב, וואָס חייקע די אַלמנה, אַ הויכע דאַרע אידענע מיט גוטע שוואַרצע אויגען, וואָס מען זעהט זיי קוים אַרויס פון אונטער'ן טיעף אַראָבגעלאָזטען קאָפּ־טיכעל— דער גרויסער טאָפּ באָב, וואָס זי קאָכט צום פערקויפען, איז אין די גאַסען, וואו זי געהט אום, זעהר אַ גאַנגבאַרע סחורה; מען רייסט זיי פון די הענד. ערשטענס איז באָב ביליג — אַ קאָפּיקע אַ מעסטעל; און צווייטענס קויפט זי זעהר גוטען באָב און קאָכט איהם אויס זעהר ווייך. ווער עס קויפט ביי איהר איין מאָל, ווערט שוין אַ צווייטען מאָל זי זוכען. אַזאַ נאָמען האָט איהר באָב! זי זאָל זיין בעזאָנדערס שטאָלץ אויף איהר סחורה, קען מען ניט זאָגען: משטיינס געזאָגט, דער גאַנצער יחוס פון באָב! אַז „ער“ האָט געלעבט און האָט געקנעלט מיט אַלף־בית קינדער, איז איהר געווען אַביסעל בעסער! האָבען איהר אַ זעכציג קינדער גערופען „רביצין“. אוודאי איז „רביצין“ שעהנער, ווי באָב־אידענע... וואָס זאָל מען אָבער טהאָן? דאַרף „ער“ קריגען די סוכאָטע און אַוועקשטאַרבען! מסתמא האָט גאָט אַזוי געוואָלט.

אָבער מאַנכע מינוטען פון גדולה גיעט איהר אויף דער מסחר פון באָב, און ניט נאָר גדולה, נאָר אַפילו שמחה און נחת.

ווי געזאָגט, האָט זי איהר באָב זעהר לייכט פערקויפט אין די אָרעמע גאַסען. אַרומגעהן אין די הייזער מיט'ן באָב האָט זי ניט געברויכט; נאָר אין איין הויף פלעגט זי מיט אַ בעזונ־דער שמחה און גדולה אַריינגעהן מיט־איהר סחורה. אָבער ניט צוליעב פּדיון, נאָר צוליעב גאָר עפּעס אַנדערס...

אריינגעהענדיג אין דעם גרויסען תלמוד־תורה־הויף, וואס איז ארומגעצוימט מיט א הויכען לאנגען פארקאן, האט זי דער־פיהלט, אז איהר לעבען איז נאך ניט אזוי פינסטער, ווי זיי מיינען, אז זי לעבט און ברעננט נוצען מיט איהר לעבען.

אין דעם דאזיגען גרויסען הויף, צווישען די פיעלע אבגע־ריסענע ארעמע תלמוד־תורה אינגלעך, געפינט זיך איינער, אויך אן אבגעריסענער ווי אלע איבעריגע, און א יתום — דאס איז איהר בערעלע; איהר טהייערער קדיש.

— בערעל! די מאמע מיט'ן באב איז געקומען! הערט זי, אריינגעהענדיג אין הויף, ווי קינדערשע שטימען רופען.

איהר הארץ הויבט אן קלאפען פאר פרייד, איהרע אויגען אונטער'ן קאפ־טיכעל שיינען.

— בערעלע! — רופט זי מיט נחת.

און עס בעווייזט זיך א בלאס אינגעלע, מיט צוויי שוואר־צע אויגעלעך און מיט א צודראפעט שפיץ נעזעלע, ער לויפט צו צו דער מוטער און לאזט פערשעמט אראב די אויגען.

— בערעלע! האסט שוין געלערנט? — פרעגט זי מיט ליעבשאפט.

— שוין צוויי מאל! — ענטפערט פאר בערעלען א צוויי־טער מיט א פנים פון א רעכטען קונדס, און לאזט ניט אראב די אויגען פון טאפ מיט באב, וואס איז איבערגעדעקט מיט א ווישט זעהר קלאר, פון פארע דורכגעפייכטען טישטוכעל.

— און ווער ביזטו? — פרעגט חייקע מיט א גוטמוטיגען שמייכעל, קוקענדיג דא אויף איהם, דא אויף איהר בערעלען.

— אייער בערעלעס א חבר! — שיסט אוים דער קונדס'ל מיט נצחון, און קוקט אויפ'ן טאפ מיט באב.

— ער שלאָגט דיך ניט, בערעל — האַ? — פרעגט זי בעזאָרגט.

— ניין מאַמע! — ענטפערט בערעלע פערשעמט.

— איך נעהם זיך פאַר איהם שטענדיג אָן! — שרייט דער קונדס אויס מיט היץ — ניט אמת, וואָס? זאָג בערעל!

בערעל שווייגט, נאָר אין זיין שעמעדיגען שמייכעל שטעקט אַ בעשטעטיגונג.

— נו, ווילסט אביסעל באַב? — פרעגט זי דעם קונדס׳ל.

דער קונדס דערפרעהט זיך און פערשעמט זיך צוזאַמען.

— אומזיסט וויל איך ניט... איך וויל קויפען...

— האָסט דען געלד? — שמייכעלט גוטהערציג די אלמנה.

— באָרגען... איך וועל אייך מאָרגען אָבגעבען, אויף נאמנות!

— נו, איך באָרג דיר, ביזט אודאי אַן עהרליך אינגעל! — ענטפערט חייקע געריהרט און שיט איהם אַ פול מעסטעל באַב אין די ביידע אויסגעשטעלטע, דאַרע און קויטיגע הענדטלעך אריין.

— אַ דאַנק... זאָגט ער ארויס ווי צוטומעלט פאַר גליק. באַלד אָבער האַפּט ער זיך, אַז מען דאַנקט נאָר פאַר אַ מתנה, ער אָבער נעהמט דאָך בלויז אויף „באָרג“, פערריכט ער זיך:

— מאָרגען בעצאָהל איך אייך!

חייקען מיט׳ן טאָפּ רינגלעך דערוויילט ארום די אלע אינגעלעך, וואָס האָבען שוין אָבגעלערנט דעם פריהמאָרגענדיגען „שיעור“. ווער עס קויפט פאַר גאָאָר, ווער אויף באָרג און ווער גאָר בעטעלט מיט שטומע יתומדיגע בליקען.

חייקע שטעלט אַלע צופרידען, און אַז זי נעהמט אַוועק גאַנצט דער גאַנצער תלמוד־תורה־הויף פאַר פרייד.

און דער אבגלאנץ פון דער פרייד בלייבט ביי חייקען אויף
א גאנצען טאג. פאר נאכט קומט בערעל אהיים, און זי פרעגט
איהם:

— נו, בערעלע, היינט האט דיר קיינער נים געשלאגען?

— די אינגלעך נים, נאר דער רבי... — ענטפערט בערעל
אומעטיג. דערצו האט שוין חייקע קיין מיטעל נים. געלד
פאר'ן רבי'ן האט זי נים און באב עסט ער נים — עס שאדט
איהם צום געזונד.

# די מרידה ביי אקדמות.

„שלשה ימי הגבלה" איז דאס געשעהן, ווען אויף אונזערע הערצער איז געווען פרעהליך, ווען מיר האבען שוין געפיהלט די האלבע פרייהייט, וואס מיר וועלען געניסען די דריי טעג, לערנענדיג נאר צו האלבע טעג און די גאנצע פרייהייט וואס מיר וועלען געניסען אין די פיער טעג: ערב שבועות, צוויי טעג שבועות און „אסרו חג"...

עה, פרייהייט, פרייהייט! אזוי שרייט זיך מיר אצונד נישט־ווילענדיג אויס און איך דערמאן זיך אן דער מרידה, וואס מיר, חדר־אינגלעך האבען, דערשמעקענדיג די פרייהייט, גע־מאכט ביי אונזער רבי'ן אין חדר און, וואס ער האט איינגע־שטילט, ווי דער שטיינער איז, מיט שמיץ...

א בייזער, א שטרענגער איז אונזער רבי, ר' משה חיים ברוך'ס, געווען און א גרויסער למדן, דער ערשטער למדן אין שטאדט. גרויסע אידען מיט בערד האבען פאר איהם אבשיי גע־האט, און מיר, חדר־אינגלעך, האבען מורא געהאט. עס איז גע־ווען נענוג, אז ער זאל זאגען, דאכט זיך, גאר שטיל: „נעהמט די גמרות", אז אונזערע הערצער זאלען זיך אנהויבען ווארפען פאר שרעק.

יא, א גרויסער למדן איז ער געווען. מיר האבען עס גע־פיהלט, לערנענדיג ביי איהם מסכת בבא קמא, און דערהויפט דעם פרק „מרובה". אין „מרובה" האט ער געוויזען גרויסע קונ־צען. ער פלעגט אויף איין ריש־לקיש'ן אבשטעהן גאנצע שעה'ן, אויף די תנאים א גאנצען נאכמיטאג צייט און פלעגט זעהן זיי אלעמען אויסגלייכען, אבשלאגען אלע קשיות, נישט דערלאזען

צו גרויסע מחלוקות, און וואו עס פלעגט האלטען שמאַל, פלעגט ער רופען צו הילף דעם תוספות, דעם „מהר"ם שיף", דעם „נחל יהושע", דעם „באר יצחק", און נאָך און נאָך, ביז ער פלעגט ארויס ווי א העלד, א בעזיגער און פלעגט א ווײלע אברוהען, גלעטענדיג דאָס שפּיצינגע בערדיל...

און מיר, חדר־אינגלעך, האָבען געמיינט, אז גרעסער פאר אונזער רבי'ן אין לומדות איז גאָר אין דער גאנצער וועלט נישטאָ און אונזער מורא פאר איהם איז פון טאָג צו טאָג גע־וואקסען.

אגב פלעגט ער נאָך אונזער מורא פערשטארקען מיט א קלאַפּ, א שמיץ און אנדערע מיטלען פון א הערשער...

עס פערשטעהט זיך, אז קענען קלעפּ פלעגען מיר שטארק, שטארק פּראָטעסטירען... מיט וואס פאר א העזה שלאָגט ער אונז, 12—13 יעהריגע אינגלעך! א שאַד נאָר, וואס פּראָטעס־טירען פלעגען מיר אַלע אונטער די אויגען, געהענדיג מיט צו־קלאַפּטע זייטען, צופּאַטשטע באַקען א היים; אין די אויגען דעם רבי'ן האָבען מיר קיינמאָל די העזה און דעם שכל ניט געהאַט צו פּראָטעסטירען. און עס איז טאַק שווער געווען: גיה פּראָטעס־טיר קענען ר' משה חיים ברוך'ס, אזא למדן! עס האָט טאַקי קיין פּנים, חוזק וואָלט מען פון אונז געמאַכט.

דארף זיך אבער טרעפען צום גליק אָדער צום אונגליק א מעשה, אז מיין טאַטע, וואָס האָט פאר מיר געצאָהלט 20 קערבליך א זמן — און געצאָהלט גוט, אַלע חודש 4 קערבליך — אַז מיין טאַטען פערוועלט זיך אז דער רבי זאָל מיט אונז שלשת ימי הגבלה לערנען אקדמות און רות...

און איך קום צו געהן אין דער פריה אין חדר און זאָג ארויס מיין טאַטענס בעפעהל:

— רבי, דער טאַטע האָט געהייסען, איהר זאָלט מיט אונז לערנען אקדמות און רות...

— אקדמות נאר... — האט דער רבי זיך ווי א קרים גע־טהאן, — וואס דארפט איהר אקדמות?...

— דער טאטע האט געהייסען... האב איך זיך געהאלטען ביי מיינס, וויסענדיג, אז מיין טאטע איז ביים רבי'ן א גוטער בעל הבית.

— נו, מילא, אז דער טאטע וויל אקדמות, זאל זיין אקדמות. מהיכא תיתי — האט ער אונצופריעדען ארויסגעברומט און דער רבי האט געשיקט די תלמידים, וואס וואהנען נאהנט פון הדר, ברענגען שבועות'דיגע מחזורים.

עס איז געווארען לעבעדיג, די אינגלעך האבען זיך מיט געפילדער ארויסגעריסען פון טיש און ארויסגעכאפט זיך אויפ'ן גאס, פון וואנען עס האט זיך געהערט דער פרעהליכער אויס־געשריי: אקדמות!...

— אקדמות! — האט דער רבי געברומט, ווי דאס ווארט „אקדמות וואלט איהם עפעס געדרייצט...

באלד האבען די פיער אינגלעך געבראכט די שבועות'דיגע מחזורים, דער רבי האט די מחזורים בעטראכט מיט קרומע בליקען און זיך גענומען אויסקלויבען א מחזור פאר זיך...

ער האט געקליעבען עטליכע מינוט און האט עפעס געזוכט. נאר דאס, וואס ער האט געזוכט האט ער נישט געפונען, ווייל ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, האט נעביך אונזער רבי, דער למדן, געזוכט א מחזור מיט „עברי־טייטשט"... מיט א כעס האט ער גענומען דאס מחזור וואס יאשקע־חייקעלס האט גע־בראכט מיט די פירושים „מטה לוי", „בית לוי" און „מעשה אורג" — דאכט זיך גענוג פירושים, נאר דער רבי האט געבענגט נאך א פיערטען, וויבערישען פירוש — נאך א ביסעלע „עברי טייטש"... ער וואלט נאר גענעזען געווארען... עס פערשטעהט זיך, אז דאס האב איך ערשט שפעטער מיט די איבעריגע תלמידים פערשטאנען...

— נו, נעהמט, געפינט אקדמות! — האָט ער מיט אונגעוועהנליכען כעס אַ קאָמאַנדעווע געטהאָן.

איך וויים נישט, צי דערפאר וואָס מיר האָבען זיך געפיהלט שוין האַלב פרייע אינגלעך, צי האָבען מיר זיך געשטויסען, אז דער רבי אונזערער, דער למדן, האָט מורא פאר אקדמות׳ס מאָד־נעם תרגום — אזוי צי אזוי — די מורא איז עפּעס פון אונז אין גאַנצען אראָב און מיר האָבען זיך פאר שמחה צעזונגען:

אקדמות מילין ושריות שותא
אולא שקילנא הרמן ורשותא.

דערביי האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט און געוואַרט, אז דער רבי זאָל אונז „טייטשען". דער רבי אבער האָט זיך אריינגעקוקט מיט דאָס גאַנצע בערדיל אין „מטה לוי" און האָט געזוכט עפּעס דאָרטען, געזוכט מיט שרעקליכע ווילדע בליקען...

— נו, רבי... — האָב איך זיך אָבגעשטעלט — פּער־טייטשט אונז...

— זאָגט, קינדערלעך, ווייטער... זאָגט... — האָט דער רבי פון אונטער „מטה לוי" ווייך ארויסגערעדט...

דאָס ערשטע מאָל האָבען מיר דערהערט פון אונזער בייזען רבי׳ן דאָס וואָרט „קינדערלעך", דאָס ערשטע מאָל האָט זיין קויל אזוי ווייך געקלונגען.

דאָס האָט אבער נישט געווירקט, מיר האָבען אַלע ווי אין געדאַנק „יד אחת" געמאַכט נישט ריהרען זיך פון אָרט, וואו ער וועט אונז נישט איבערטייטשען יעדעס וואָרט בעזונדער.

— נו, רבי! — האָט שוין נאָך אַ תלמיד געמאָהנט אַ ביסעל מיט עזות — פערטייטשט!...

דער רבי האָט ארויסגענומען דאָס בערדיל מיט די אויגען פון „מטה לוי" און האָט קוים ארויסגערעדט:

— אקדמות — איידער איך הויב אָן, מילין — ווערטער, ושריות־שותא... נו, זאָגט, קינדערלעך, ווייטער... האָט זיך דער רבי געבעטען און האָט געווישט דעם שטערן...

מיר האבען אויסגעשאסען א געלעכטער, פאר וואס מיר וואלטען אין אן אנדער צייט בעקומען א שעהן ביסעל פעטש און האבען גענומען ווייטער זינגען:

גויל אלו רקיעי קני כל חורשתא.

— רקיעי — די הימלען! — האט דער רבי אונז דאס ווארט פערטייטשט און געטריבען ווייטער:

— זאגט, קינדערלעך, זאגט, דער טאג שטעהט נישט, מיר דארפען נאך לערנען רות אויך, היינט איז דאך בלויז א האלבער טאג... נאך מיטאג פריי!...

דאס ווארט „פריי“ האט דער רבי געדריקט, ווי ער וואלט אונז וועלען דערמיט אונטערקויפען, אז מיר זאלען נים בעטען „פערטייטשען“. פון איין זייט האט ער געווירקט, פון דער צווייטער זייט האט ער דערמיט נאך ערגער געמאכט, ווייל פרעהליך ווערענדיג פון דאס ווארט „פריי“ האט זיך אונז פערוואלט לוסטיג מאכען איבער אונזער בייזער רבי'ן און יעדער תלמיד פלעגט אלע ווילע אן אנדער ווארט פרעגען:

— וואס טייטש כלול גפי?

— וואס טייטש באדישתא?...

— וואס טייטש טרשותא?...

און נאך יעדער פראגע פלעגט זיך גלייך הערען א שאס פון מויל — א הילכיג געלעכטער...

און דער רבי, דער בייזער רבי, האט מוטהלאז געווישט דעם קאלטען שוויים פון שטערן, צוויי ווערטער פלעגט ער אב־טיישען, צעהן דורכלאזען און פלעגט זיך בעטען אליין:

— זאגט קינדערלעך, זאגט! באלד דארפט איהר שוין געהן פריי, און איהר האט נאך קיין רות נישט געלערנט...

און מיר זאגען ווייטער און שטעלען זיך אב ביי שווערע ווערטער, און שלעפען דעם רבי'ן פון „מטה לוי“, אווו ער זוכט „ראטונאק“ און קען נישט געפינען...

ענדליך, אז מיר האלטען שוין אריינגעפאהרען אין האלב „אקדמות“ פאלט דער רבי אויף א פלאן (קיין נאר איז ער נישט געווען) און רופט זיך אן מיט זיין שטענדיגער שטרענגער שטימע:

— נו, גענוג! דאס ווילען מיר „קאנטשען“ מארגען: איצט נעהמט געפינט רות...

ווי פון הימעל ארונגעפאלען פיהל איך זיך נאך דער גזירה. ס'טייטש נישט ענדיגען אזא פרעהליכעס שפיעל?... און איך בונטעווע מיין חבר מיט'ן פוס:

— מען דארף קאנטשען!..

און מיין חבר איז אויך קיין נאר נישט און בונטעוועט א צווייטען, און דער צווייטער איז אויך קיין נאר נישט און בונטעוועט א דריטען, ביז אונזער גאנצער חדר צובונטעוועט זיך און אלע שרייען ווי אין איין קול:

— קאנטשען אקדמות! ! !

— קאנטשען אקדמות! ! !

— קאנטשען אקדמות! ! !

אונזער בייזער רבי, דערזעהענדיג אזא מיאוסע מעשה פון זיינע ביזהעריגע שטילע, געהארזאמע חדר אינגלעך, האט זיך אין גאנצען פערלארען. זיינע אויגען האבען זיך מיט בלוט אנגעגאסען, די באקען זיינען ווי איינגעפאלענער געווארען און ער האט זיך אין גאנצען געטרייסעלט, נישט וויסענדיג וואס צו טהון, ווי איינצושטילען די מרידה און ער האט קוים געקענט זשיפען:

— רות, זאג איך אייך!... רות!...

— אקדמות! אקדמות! האבען מיר זיך געהאלטען פעסט...

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

דער סוף פון דער מעשה איז פאר אונז טרויעריג געווען. דער רבי, ווי א צורייצטער האהן, איז ארויסגעלאפען פון חדר און

אין א האלבע שעה ארום איז ער געקומען מיט דריי בעלי בתים— דריי טאטעס — און האט גערעדט:

— דאס ערשטע מאל טרעפט מיר אזא מעשה! דאס ערש־טע מאל!...

— אזוי גאר קינדער, איהר שלאגט א רבי'ן?... — האט איין בעל הבית רוהיג זיך אבגערופען — פיין! פיין! פיין! נישטא וואס צו רעדען!...

דער רבי האט זיי קענטיג דעם אמת נישט דערצעהלט און כדי צו פערגרעסערען אונזער שטראף האט ער אויסגעטראכט אויף אונז א בלבול, אז מיר האבען איהם געשלאגען.

— נו, וועט איהר, הייסט דאס, מיר העלפען? — האט דער רבי זיך געווענדט צו די בעלי־בתים...

— שייך העלפען — האבען די בעלי בתים, ווי אין איין קול געענטפערט — מען דארף זיי „קאטעווען“, אז בלוט זאל שפריצען...

קיין בלוט האט אפילו נישט געשפריצט, מען האט אונז מיט רחמים געגעבען נאר צו צעהן שמיץ — די בזיונות אבער האבען אונז וועה געטהאן, שטארק וועה געטהאן! אזוי, אז די פאר פרייע יום־טוב טעג איז אונז נישט איינגעגאנגען און מיר האבען גענומען אויף זיך דאס צווייטע מאל מאכען די רעוואלו־ציע מיט מעהר שכל...

# אויפ'ן בוידעם.

איינע פון די ערהאבענע זאכען, צו וואס לייזער'ל א זעקס־יעהריג איננעלע, האט געשטרעבט, איז געווען דער בוידעם פון דעם איינשטאקיגען שטיבעל, וואו זיין טאטע־מאמע האבען געוואהנט. ווי א פאעט ציהט צו די וואלקענס, צו די שטערן, צו דער לבנה, אזוי האט לייזערלען געצויגען צום בוידעם. אבער פונקט ווי די וואלקענס, שטערן, לבנה זיינען צו הויך און אונמעגליך צו דערגרייכען פאר דעם פאעט, אזוי איז צו הויך געווען און נישט דערגרייכבאר פאר לייזער'לען דער בוידעם.

און געצויגען צום בוידעם האבען לייזער'לען א סך זאכען. דארט אויפ'ן בוידעם, ווייסט לייזער'ל, געפינען זיך די פסח'דיגע כוסות, צווישען וועלכע עס געפינט זיך זיין כוס, א בלויער מיט בלומען... וויעדער געפינט זיך דארטען א סך אלטע בגדים מיט א סך קנעפלעך, וועלכע וואלטען איהם זעהר גוט צונוץ געקומען, ווען ער זאל זיי אויסרייסען. ער וואלט באלד אנ'עושר, א „מיליאנער" פון קנעפלעך געווארען און אלע חברים פון דער גאס וואלטען פאר איהם דרך ארץ געהאט... אויסער כוסות און קנעפלעך, ווייסט לייזער'ל זיכער, אז דאס צובראכענע וועגעלע ליגט אויך אויפ'ן בוידעם. ער האט אליין געזעהן, ווי מען האט עס אמאל ארויפגעטראגען און פון דאמאלט אן האט זיך זיין בענקשאפט צום בוידעם פערגרעסערט. היינט וויפיעל זאכען ליגען דארט, וואס ער ווייסט נישט! און דאס טאקי אליין פערגרעסערט זיין שטרעבען צום בוידעם. ווער ווייסט וואס פאר א בילד עס וואלט זיך פאר איהם ענטפלעקט, ווען ער

וואָלט נאָך אריבערגעטראָטען די שוועל פון דעם בוידעם....

מיט שטרעבען צום בוידעם אליין איז לייזער'ל נישט אָבגעקומען.

נישט איין מאָל פלעגט ער זיך מוטהיגען, קוקענדיג אויף דעם האַלב־צובראָכענעם הויכען לייטער און זיך נעהמען טאַקע קריכען; נאָר אוועקשטעלענדיג זיך אויף דער ערשטער טרעפּ פלעגט זיך דער לייטער נעהמען שאָקלען און א דערשראָקענער פלעגט ער אראָבפליהען, אבלעגענד'ג זיין נסיעה אויף א צווייטען מאָל, אז ער וועט גרעסער ווערען, און וועט ניט אזוי מורא האָבען. — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל, אין א שענעם העלען מיטען טאָג האָט לייזער'ל דערהערט ווי די מאַמע רופט איהם:

— לייזער'ל, גיכער!

ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן נעבען זיך די טאַטע־מאַמען, דערשראָקען און בלייך.

— וואוהין? — האָט לייזער'ל אויף דערשראָקען גע־פרעגט.

— אויפ'ן בוידעם, מיין קינד.

„אויפ'ן בוידעם!" האָט איהם אָבגעקלונגען אין קאָפּ, עס קען נישט זיין! און ער האָט ווידער, שוין אין גאנג, איבערגע־פרעגט:

— וואוהין?

— קום מיין קינד, קום — אויפ'ן בוידעם.

ניין, ער האָט טאַקי קיין טעות נישט געהאַט. מען נעהמט איהם טאַקי אויפ'ן בוידעם. אָט שטופּט איהם דער טאַטע אונ־טער אויפ'ן לייטער... אָט איז ער שוין טאַקי אויפ'ן בוידעם, דערלעבט!

אָבער וואָס זאָל דאָס בעדייטען? אפשר אזא יום־טוב. יאָ, געוויס אזא יום־טוב. עס איז טאַקי א מאָדנער יום־טוב, אבער

פּאַרט אַ יום־טוב: און לייזער'ל דערמאַהנט זיך אַז נאָך מאָרגנע יום־טובים, ווען דער טאַטע עסט אַ בייגעל מיט אַש, ווען מען שאַקעלט אַ לולב, ווען מען בעט אויס די שוהל מיט היי, ווען מען גערט צום טייך און נאָך אַזוינע יום־טובים.

„יאָ, דאָס איז געוויס אַזאַ יום־טוב", בעשליסט ער פעסט און עס געפעלט איהם.

און נאָך מעהר זיכערער ווערט ער אין דעם יום־טוב, אַז ער וויל עפּעס זאָגען און דער טאַטע מאַכט איהם צו דאָס מויל און שעפּטשעט איהם צו:

— שטילער, מען טאָר נישט רעדען.

ווי באַלד אַז מען טאָר נישט, איז דאָס געוויס אַ יום־טוב. יום־טוב טאָר מען טאָקי אַ סך זאַכען נישט טהאָן...

באַלד דערהערט ער פון דרויסען קולות...

— אוי מאַמע, מען שרייט! — זאָגט ער און וויל צוגעהן צום פענסטעריל אַ קוק טהאָן.

נאָר די מאַמע און דער טאַטע שלעפּען איהם צוריק און לאָזען איהם נישט געהן, אוועקלעגענדיג איהם נעבען זיך.

עפּעס אַ מאָדנער יום־טוב, ווערט לייזער'ל נישט צופריעדען און קוקט מיט רוגזא אויפ'ן בוידעם, וועלכער האָט ביי איהם פערלאָרען זיין גאַנצען חן, און עס ווילט זיך איהם אַראָב, אַראָב...

נאָר אויף דער גאַס הערען זיך שרעקליכע קולות, יאָמעריי ען ווי פון טויזענדער לויות...

# דער קליין רעדלער'ל.

דער חשק צו רעדלען האט זיך ביי יאסלען דערוועקט זעהר פריה. אז ער איז אלט געוועזן זעקס יאהר, פלעגט ער שוין געהן מיט דער מאמען אין „פאדריאד“, ווען מען האט געבאקט זייערע מצה און מען האט איהם געמוזט געבען חאטש איין מצה אב־רעדלען, עס פערשטעהט זיך, אז די דאזיגע מצה איז געוועזן א צוריסענע. א גע'פטר'טע, עס האבען זיך פון איהר ממש שטיק־לעך, פאסען געשלעפט, אויסער דעם האט זי אין אויווען שטארק געבלעזעלט און דער זעצער, אזוי אויך א גרויסער כעסן האט זיך צושריען: „גזלנים, ווען מען לאזט מען דאס צום בלעך“... אבער א „טאלאנט“ האט שוין אפילו דאמאלט דער „סטארשי“ רעדלער אין איהם דערקענט.

— דער יאט וועט ווען עס איז זיין א זעלטענער רעדלער, האט ער זיך געווענדעט מיט אן אווטאריטעטען־טאן צו זיין העלפער.

און דער „פאמאשטשניק“, וועלכען עס האט אפילו נים אזוי שטארק געשמעקט צו האבען א קינפטיגען קאנקורענט, האט אבער אוים אכטונג און מורא פאר'ן „סטארשי“ מודה געוועזן:

— יא, עס ווייזט אוים...

נאר די מאמע יאסעל'ס וואס איז דערביי געשטאנען, האט איהם אבגעשלעפט פון בלעך און מיט גרינג־שעצונג געזאגט:

— זאל ער בעסער קענען לערנען, ווי רעדלען...

דאס האט שוין אי דעם „סטארשי“, אי דעם „פאמאש־טשניק“ פערדראסען, און דערפאר האבען זיי בשום אופן נים געגעבען יאסעל'ן נאך א מצה אברע־לען...

אבער צערייצענדיג זיך בלויז מיט דער איין מצה, איז יאָסעלע שוין ניט אבגעטרעטען פון בלעך און אז ער האָט אליין שוין ניט זוכה געווען צו רעדלען, האָט ער חאַטש געהאלטען אין האנד א רעדעל מיט א קאטשעלקע און געאיבט זיך אויפ'ן בלעך אליין. פון צייט צו צייט פלעגט איהם אויך געלינגען א פיהר צו טהאָן מיט'ן רעדעל איבער אן אבגערעדעלטער מצה, אויף וואָס דער „סטאַרשי“ פלעגט איהם גוט־מוטהיג בעמערקען.

— מע טאָר ניט, אינגעלע...

ער איז אזוי גוט צו יאָסעלע'ן געווען, ווען זייער מצה האָט זיך געבאקט, מיט א בעל הבית'ס א קינד קען מען ניט איינ־רייסען... אז די מצות האָבען זיך אבער אבגעבאַקט, און די מאמע איז אוועק א היים, נאָר יאָסעלע, ניט קענענדיג זיך שיידען פון בלעך, איז געבליבען, האָט זיך שוין דער „סטאַרשי“ מיט איהם אנדערש בעגאנגען. די רעדעל מיט דער קאטשעלקע האָט ער ביי איהם גלייך צוגענומען און שפעטער א ווײַלע האָט ער איהם אפילו געטריבען פון בלעך:

— געה אינגעלע, אהיים. געה געזונדטערהייט...

און נאָך שפעטער, אז יאָסעלע פלעגט זיך ווידער צורוקען און קוקען מיט דאַרשטיגע בליקען אויפ'ן רעדעל, האָט איהם שוין דער „סטאַרשי“ מיט'ן האנד אבגעטריבען:

— אז דו ועסט ניט געהן מיט גוטען, וועסטו דו קריגען ארויסגעוואָרפען.

און יאָסעלע איז א פערשעמטער ארויס מיט אן אראָבגעלאָ־זענעם קעפעל פון פּאַדריאַד.

יאָסעלע איז אבער ניט אראָבגעפאלען ביי זיך. די גאַס, וואו זיין טאַטע־מאַמע האָבען געוואָהנט, האָט פערמעגט נאָך פּאַד־ריאַדען. און אויף מאָרגען נאָך האַלבען טאָג, ווען ער איז פריי געוואָרען פון חדר, איז ער שוין געשטאַנען אין א צווייטען פּאַדריאַד. דאָרטען איז געווען א רעדלער אן עלטערער איד, וואָס האָט זיך גע'גט מיט דער ווייב, ווייל ער האָט קיין

קינדער ניט געחאט, און ער האט יאסעלען צוגענומען, ווי א טאטע.

— איך זעה, אינגעלע, — האט ער זיך צו יאסעלען מיט ליעבשאפט געווענדעט — אז דו ווילסט „קענען"... און אז מען וויל, „קען" מען... מובטחני, אז דו וועסט זיין א רעדלער ביי אידען.

און יאסעלע איז שוין פון דעם דאזיגען אידען און פון דער בלעך ניט אבגעטראטען און ער האט טאקע געכאפט פון צייט צו צייט א רעדעל אין האנד און געפיהרט איבער די מצות, וועלכע דער איד פלעגט נאך דעם אליין איבעררעדלען און זאגען דערביי:

— מען דארף, זוהנינקע, שטייפער צודריקען... שטייפער... אבער דו וועסט קענען... איך זעה, אז דו וועסט קענען. מובטחני שתהיה רעדלער בישראל...

וואלט שוין יאסעלע א גליקליכער געווען, דארף זיך אבער אין אלע זיינע גליקען אריינמישען דער טאטע און ועלען צו־שטערען זיי. אזא טאטען האט ער שוין. דאכט זיך, וואס קען עס ארען דעם טאטען, אז זיין בחור'על וויל ווערען א מענש; וויל זיך עפעם אויסלערנען א מלאכה... ניין! יאסעלעם טאטע, כא־פענדיג זיך, אז יאסעלע ווערט פערפאלען גאנצע שעה'ן, הויבט איהם אן צו זוכען און „פאקט" איהם, א דאנק פערשיעדענע מסירות פון יונגערע און עלטערע ברידער און שוועסטער, וואס פערגינען ניט יאסלען דעם נחת...

— א דו, שייגעץ! — שרייט דער טאטע, ווען יאסעלע'ן ברעננט אן עלטערער ברודער אדער די מאמע אהיים פון פאר־ריאד, וואו ער האט ניט נאר די רעדעל, נאר אויך די נשמה גע־לאזען — א, די יורקע! וואס טהוסטו דארטען אין פאדריאד צווישען אזוי פיעל נקבות... א שעהנער שטאט פון א בחור! וועסט דאך בטל בששים ווערען... שייגעץ דו... דיין פום זאל דארט מעהר ניט זיין... די הויט וועל איך דיר אראבשינדען...

און יאָסעלע האָט נעבאָך געמוזט אָבוואַרטען אַ טאָג און ניט אַריינגעהן אין פּאָדריאַד; אָבער אויף איבערמאָרגען איז ער שוין ווידער געווען, געשטאַנען נעבען בלעך מיט אַ רעדעל און קאַטשעלקע אין האַנד און מיט גרויס פערגניגען אויסגע־הערט די נביאות פון דעם אידען, דעם רעדלער:

— —מובטחני, יונגעלע, אז דו וועסט זיין אַ רעדלער ביי אידען...

— אַט דאָס איז טאַקי אַ גוטער איד, — טראַכט דאַמאָלס יאָסעלע — אַט ער וואָלט געווען אַ גוטער טאַטע... האָט ער דוקא קיין קינדער ניט.

און יאָסעלען האָט זיך געדאַכט, אז גאָט פיהרט ניט ווי מען דאַרף די וועלט...

---

אַ סך רדיפות און פערפאָלגונגען, אַ סך מסירות האָט יאָ־סעלע איבערגעטראָגען אין אַ גאַנצע רייהע פון יאָהרען אין דער צייט פון די פּאָדריאַדען. אָבער דער „טאַלאַנט" זיינער האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבגעשראָקען. צו צוועלף יאָהר איז שוין יאָ־סעלע אַנערקענט געוואָרען פון אַלע רעדלער אין די פּאָדריאַדען. זיי האָבען געזאָגט, אז ער וואַקסט אַ רעדלער איינער אין דער וועלט און ווען ער וואָלט געהאַט אַ ביסעל מעהר כחות, וואָלט מען איהם שוין געקענט אַנטרויען אַ בלעך...

די דאָזיגע קלאַנגען זיינען דערגאַנגען צו דעם טאַטענס אויערן. דער טאַטע, וואָס האָט אַזוי פיעל געשטערט יאָסעלען צו ענטוויקלען זיין רעדלערישען טאַלאַנט, האָט ענדליך געמוזט, ווי־לענדיג ניט ווילענדיג, אַ מורמעל טהאָן:

— וואָס מען קען, שאַדט נישט...

און יאָסעלע האָט שוין פון יענעם טאָג אָן פראַנק און פריי בעזוכט אַלע פּאָדריאַדען אין גאַס און האָט זיך פערפאָלקאָמט אין זיין אַרבייט. די עלטערע רעדלער האָבען איהם מיט גרויס

רעספעקט אויפגענומען און פלעגען איהם די בעסטע רעדעל אונטערטראגען.

— נא, אט האסט דו די דאזיגע רעדעל — האט זיך צו איהם איינמאל געווענדט א רעדלער — און בייט מיר איבער אויף א שעה...

ביז אהער פלעגט מען יאסעלען נאר געבען א רעדעל אויף העלפען. לאזען איהם אליין מיט'ן „פאמאטשניק" האט מען נאך ניט געוואגט. פון דער דאזיגער נייער פארלעגונג איז יאסעלע אפיציעל אנערקענט געווארען אלס א רעדלער, אויף וועלכען מען קאן זיך פערלאזען. שטאלץ און גליקליך האט ער זיך געפיהלט שטעהענדיג אויף דעם סטארשי'ס ארט ביים בלעך און אין די אויערן האבען איהם געקלונגען דעם עלטערן אידענס ווערטער פון אמאל:

— מובטחני, אז דו וועסט זיין א רעדלער ביי אידען...

* * *

אין א ווינטער ארום איז יאסעלע בעל מצוה געווארען.

— זאלסט וויסען! האט איהם דער טאטע געזאגט, אז פון היינט אן וועדסט דו שוין א איד, דארפסט זעהן פיהרען שטאט... עס קען זיין, אז דו וועסט אפשר דארפען פאהרען אויף זומער לערנען אין דער פרעמד... שווערע צייטען.. קיין פרנסה נישטא... עס געהט א פסח.. אוי—אוי—אוי, פון די זאכען ווייסט דו נאך גאר נישט...

די דאזיגע ווערטער האבען יאסעלען א גאנצען ווינטער געענגבערט אין קאפ. עפעס האט זיי דער טאטע ארויסגעזאגט, ניט ווי זיין שטייגער; מיט א בייזקייט, דאכט זיך, אבער מיט א געבראכענקייט, מיט א געבעט. יאסעלע האט עס דערפיהלט און ער האט גענומען אויף זיך פון היינט אן ניט נאר מורא האבען, נאר אויך האלט האבען דעם טאטען... און טאקי העלפען איהם.

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט ער געוואַרט אויף נאָך פּורים, ווען די פּאַדריאַדען ווע‏לען אָנהויבען צו באַקען מצות. ער וועט זיך פערדינגען פאַר א „פּאַמאַטשניק“ און דאס געלד וועט ער אָבגעבען דעם טאַטען... אין גאַנצען דעם טאַטען. וועט איהם דער טאַטע קויפען א היטעל, אויף רעכט; ווען ניט, וועט ער זיך בעגעהן מיט דער אַלטער...

— טאַטע! — האט זיך יאָסעלע נאָך פּורים געווענדעט צום טאַטען — איך וויל היינטיגען פאַר פסח רעדלען מצה פאַר געלד... וועסט לאָזען?...

דער טאַטע האט פערקנייטשט דעם שטערן, אָנגענומען מיט ביידע הענד די באַרד, געברומט עפּעס אונטער׳ן נאָז און אָבגערופען זיך:

— וואָס איז שייך — צי איך וועל לאָזען... אודאי איז דאָס ניט אזוי שעהן... עס איז ניט קיין שטאַט... שטעהן צווישען ווייבער ביז 12 א זייגער ביי נאַכט... איך רעד שוין נישט, וואָס דאס איז שווער... נאָר אויב דו ווילסט, וואָלט צוניץ געקומען, וואָלסט זיך געמאַכט א גאַרניטורעל...

די מאַמע האט אָנפאַנגס ניט געוואָלט הערען: — פון איהם וועט דאָך א תל ווערען, — האט זי גע׳טענה׳ט — ווערע איז מיר...

יאָסעלע האט זיך אבער איינגעשפּאַרט, געזאָגט אז רעדלען איז זעהר גרינג... „אַלץ וואָס אויף רעדער“ — האט ער ערקלערט מיט שכל: „איז גרינג... עס געהט אַליין“.

און יאָסעלע האט זיך פערדונגען פאַר א רעדלער אין דער צווייטער גאָס. אזוי האט דער טאַטע געפּאַדערט.

— זאָלען דאָס מיינע אויגען ניט זעהן!

---

א וואָך נאָך פּורים איז שוין יאָסעלע געשטאַנען ביי יענקיל שרה׳ס אין פּאַדריאַד אָהן א רעקעל, נאָר אין ארבע כנפות מיט

פערקאשערטע ארבעל אויף די הענד און האט גערעדעלט א מצה נאך א מצה. פון דעם שטאלץ און גליק, וואס ער האט איבערגעלעבט אין די פריהערדיגע יאהרען ביים רעדלען, איז שוין מעהר קיין שפור ניט געבליעבען. איצט האט פערנומען דעם ארט דער געדאנק, אז די צעהנרובעלדיגע, וואס ער וועט פערדיענען, וועט ער אוועקגעבען אין גאנצען דעם טאטען.

און דאס האט איהם געגעבען כחות צו שטעהן ביז 12 א זייגער ביי נאכט און רעדלען א מצה נאך א מצה...

# מיינע ערשטע האנאָראַרען.

(פון אַ שריפטשטעלער'ס ערינערונגען)

מיין ערשטער האָנאָראַר איז געווען ניט בעזונדערס גרויס: אַ צוויי׳ער פאַר אַ ליעד.

דערפאַר אָבער איז דער צווייער געווען זיכער: וואָרים ניט פון אַ רעדאַקציע האָב איך דעם צווייער בעקומען, נאָר פון מיין באָבען...

מיין באָבע האָט געצאָהלט עהרליך! איהר קאָנט אודאי מיינען, אַז מיין באָבע איז געווען אַ רעדאַקטאָרין פון אַ אידי־שער ציימונג. וועט איהר אַ טעות האָבען. מיין באָבע, אַ פשוט'ע קרעמערין, האָט מיט ליטעראַטור קיין מגע ומשא ניט געהאַט (דערפאַר איז זי טאַקי געווען אַ וואוילע אידענע!), זי איז סתם געווען אַ ליעבהאָבערין פון גראַמען און זי איז געווען די איינציגע, וואָס האָט אנערקענט מיין טאַלאַנט אין יענער צייט.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָהר צעהן־עלף...

מיין טאַטע האָט ניט געטאָרט וויסען, אַז איך שרייב: ערשטענס איז ער דעמאָלט געווען געגען זשאַרגאָן און צוויי־טענס האָט ער בעסער געהייסען לערנען!

— ליעדער! — האָט ער געזאָגט — זאָלען שרייבען גרע־סערע מענשען פאַר דיר, עלטערע אידען...

דאָס האָט ער געמיינט טאַקי זיך אליין... מיין טאַטע פלעגט ליעב האָבען אמאָל בין־השמשות צו מאַכען אַ ליעדעל, און ווער ווייסט, אפשר טאַקי דערפאַר האָט ער מיר פערבאָטען צו שריי־בען: קיין „פּראָפּעסיע" האָט קיין קאָנקורענץ ניט ליעב.

מילא, ער לאָזט ניט, לאָזט ער ניט... נתפעל פון אַזעלכע זאַכען ווערט מען ניט. און אַז דער טאַטע לאָזט ניט געהן אין

וואלד, געה איך דען ניט? און אז ער לאזט ניט, למשל, ווינטער קראצען די פערפרוירענע שויב, קראץ איך דען ניט?... מען קריגט שוין אנ׳עצה...

קריך איך ארויף ווינטער אין אבענד אויפ׳ן אויווען (דאס ערלויבט ער יא!...) און גיס מיט גראמען...

וואס טהוט מען אבער — מען מוז דאך זיי עמיצען ווייזען: עס איז דאך אונמעגליך שטיקען זיך אליין מיט׳ן ליעד. עד היום גלויב איך ניט די פערריסענע פאעטען, וואס זאגען כלומר׳שט, אז זיי זינגען ווי דער פויגעל, נאר פאר זיך אליין און דער עולם געהט זיי ניט אן! שקר וכזב! א מענש איז ניט קיין פויגעל, און אז א מענש מאכט א ליעד, מוז ער האבען, דער מענש הייסט עס, נאך א מענשען מיט צוויי אויערן, וואס זאלען זיין ליעד אויסהערען.

וועמען־זשע קאן איך פארלעזען מיין ליעד? דעם טאטען, ווי געזאגט, איז אן אונמעגליכע זאך; די מאמע איז א פערטראגענע אידענע, חאטש זעהר א גוטע; די עלטערע שוועסטער האט יא א שטיקעל ידיעה אין אזוינע זאכען, זי זינגט אליין דאס ליעד „פון אזיע נאך יעווראפע בין איך אין אן אכסניא פערקראבען" און זינגט גאר ניט שלעכט; בין איך אבער מיט דער שוועסטער שטענדיג ברוגז, דא צוקריעגט מען זיך פאר א צונאמען, וואס איך גיב איהר, דא פאר א מסירה׳לע און אמאל טאקי פאר א גרעסערע „המוציא"־חלה.

בלייבט מיר פארט די באבע. מיין באבע איז אפילו שוין אן אלטע אידענע. אבער זעהר א וועלטליכע. און דער עיקר— זי האט פרנסה! שטענדיג איז זי אויפגערוימט. זי האט א גרויסען רימענעם בייטעל מיט אלערליי מטבעות ארומגעבונדען פעסט ארום איהר קליינעם גוף, און צוליעב דעם דאזיגען בייטעל געהט פון דער באבען א זיסע ווארעמקייט... ווער רעדט, אז די באבע לעגט אריין איהר דארע אדערדיגע האנד אין דעם רימענעם בייטעל, דאכט זיך איך, אז באלד, באלד נעהמט זי ארויס

עפּעס א גרויסע ישועה פון דאַרט און עס וועט ווערן אַלעמען ליכטיג אין די אויגען...

טראַג איך יעדעס נייע ליעד דער באָבען, נאַטירליך אין אָבענד, ווען זי קומט פון קראָם. וואוינען וואוינט די באָבע די צווייטע שטוב פון אונז אין א קאַמערל ביי איהר עלטערן זוהן. א גרויסער למדן, אבער זעהר א בייזער איד...

נעה איך אריין אין קאַמערל, די באָבע זיצט ביים טישעלע און שטריקט א זאָק. דער זיידע כלומר'שט א בייזער, אבער באמת זעהר א גוטער, זיצט אויף דעם אויוועלע, וואָס איז ספּע־ציעל צוגעבויט געוואָרען פאַר איהם צום גרויסען אויווען, און לערנט עפּעס אין א ספר.

איך שטעה נעבען דער באָבען און וואג ניט צו זאָגען איהר פון מיין ליעד, ביז זי וועט מיך אליין ניט פרעגען.

ענדליך פרעגט זי גוטמוטהיג:

— נו, וואָס שווייגסטו? זאָג עפּעס!

מיט א הארצקלאַפּעניש נעהם איך ארויס פון קעשענע דאָס שטיקעל פּאַפּיער, פערשריבען דורך און דורך מיט גראַמען און האַלט עס אזוי א ווייל, ביז איך קריג מוטה און זאָג:

—א ליעד געמאַכט... איינער אליין...

— גאַנץ פיין! — לויבט די באָבע נאָך איידער וואָס ווען — אדרבא לאָמיך הערען...

פון דער באָבעס גוטען טאָן בעקום איך שטאַרק מוטה און הויב אָן לעזען...

פאַר א גראָשען געלט
ענדיגט זיך די וועלט...

די באָבע איז שוין צופריעדען, די ערשטע צוויי צייל געפעלען איהר שטאַרק, זי קאָן זיך ניט איינהאַלטען און ווענדט זיך צום אויוועלע, וואו דער זיידע זיצט, ווי ניט איהם מיינט מען.

— דו הערסט, מאשע — מאשע, דו הערסט, וואס זאגסטו אויף זיין קעפעלע?

נאר דער זיידע איז ניט צופריעדען, ער האלט דערפון ניט און ברומט ארויס:

—ער וואלט בעסער געלערנט גוט, איידער אזוינע נאריש־קייטען...

פון דער דאזיגער מיינונג ווער איך שטארק אראבגעפאלען און אלע מיינע גראמען פערליערען אויגענבליקליך זייער גאנצען ווערטה: „אין דער אמת'ן" — בליצט מיר דורך אין קאפ — „וואס מאך איך זיך נאריש". די באבע אבער מוטהיגט מיך און זאגט:

— אט הער דעם אלטען, וואס ער רעדט... ס'איז זעהר שעהן; וואס מען קען איז גוט...

און זי גיט מיר א קאפיקע, זאגענדיג, אז איך וועל איהר ברענגען א ניי ליעד, בעקום איך ווידער א קאפיקע.

נאטירליך, הייסט זי מיר פון דעם געלד מאכען א תכלית, איך זאל זאמלען, הייסט עס...

איך וואלט אודאי מיין באבען געפאלגט, איך וויים, אז מען היט די קאפיקע איז אז וואויל און גוט, נאר זאמלען קאן איך ניט, ס'איז איבער מיינע כחות. אויף מארגען ווערט די קאפיקע פערשוועגדט און איך זוך שוין א נייע טעמא פאר א ליעד, איך מוז ווידער האבען די קאפיקע.

א קאפיקע איז א מטבע! מאך איך נאך און נאך א ליע־דעל און נאך א ליעדעל — דריי ליעדער מיט אמאל. איך ווער אליין נתפעל פון מיין פרוכטבארקייט. איך מאך א חשבון, אז איך זאל אין פערלויף פון א יאהר מאכען דריי ליעדלעך א טאג קאן איך נתעשר ווערען. אויסערדעם, זיינען דאך די ליעדלעך אז און פאר זיך אויך עפעס ווערטה... אמת דער טאטע האלט ניט פון זיי, וויל אפילו ניט, איך זאל זיי שרייבען. דער זיידע

ברומט אויף אונצופריעדען. נאר ווער דארף זיי אלע, אז איך האב די באבען, וועלכע צאהלט במזומנים פאר יעדעם ליעד?

איך בין א גליקליכער, פערזארגטער מענש.

געהט אבער אב א צוויי וואכען און עס געהט ניט ארויס קיין איין ליעד. איך ווער שטארק פערצווייפעלט. גאט מיינער, ברום איך פאר וועהטאג, ניט שוין־זשע וועל איך שוין מעהר קיין ליעדער נישט מאכען, וואס טויג דאן מיין לעבען?

און וואס מעהר פערצווייפעלט איך בין, אלץ ערגער געהט ביי מיר דאס מאכען א ניי ליעד. איך האב אפילו פון דעם אליין, וואס עס מאכט זיך ניט קיין ליעדער, א ליעד געוואלט מאכען און דערויף האב איך שוין אפילו געהאט צוויי גראמען:

איהר מעגט אייך, ברידער, לאכען.

איך קאן איין ליעד ניט מאכען...

נאר איך האב אזא שרעקליכען סוד מורא געהאט צו ענט־דעקען. צו וואס זאל מען וויסען פון מיין אונגליק? ווארום חאטש אין שטוב האט מען פון מיינע ליעדער ניט געהאלטען, פלעגט דאך די מאמע מיך רופען „דער ברחן“ און דאס האט מיך שטארק געפרעהט.

פערגאנגען דריי וואכען אהן א ליעד, פרעגט מיך די באבע:

— נו, פאר וואס ברענגסטו ניט קיין ליעדער?...

איך ווער רויט פאר שאנד, איך פיהל, אז איך פערליער דעם גאנצען אנזעהען ביי דער באבען. איך נעהם זיך פעסט, איך מוז מאכען א ליעד.

אויף מארגען קלער איך א גאנצען טאג. איך פיהל, אז דער קאפ ווערט מיר צושפרונגען: עס געהט גארנישט ארויס. א ליעד אבער מוז איך דאך דער באבען ברענגען, ווען ניט בין איך פערלארען, איך האב שוין לאנג קיין קאפיקע אין די אויגען ניט געזעהן...

און פלוצלונג פאלט מיר איין א ווילדע אידעע.

איך נעהם א ביכעלע מיט ליעדער, וואס געפינט זיך ביי

אונז, קלויב אויס פון דאָרט דאָס שעהנסטע ליעד, שרייב איבער און טראָג צו מיין באָבען.

דאָס הארץ קלאַפּט, ווער ווייסט, צי וועט מען מיך ניט כאַפּען.

איך לעז איהם דורך פאַר מיין באָבען. מיין קול ציטערט און דער גאַנצער אינהאַלט פון ליעד געהט ארויס נעפּעלדיג.

מיין באָבע הערט אויס, צוגענעצט זיך און זאָגט:

— דאָס ליעד געפעלט מיר עפּעס ניט, ביזט, זוהנעניו, קאַליע געוואָרען...

איך ווער שטארק פערשעמט: וואָס הייסט? א געדרוקטע ליעד... פאַר וואָס זאָל איך ליידען פאַר יענעמס ליעד און איך שים ארויס קיין סך ניט קלערענדיג:

— דאָס ליעד איז גאָר ניט מיינס.

די באָבע קוקט מיך אָן פערוואונדערט און בייזערט זיך:

— וואָס הייסט ניט דיינס? וואָס פּלוידערסטו... געה, געה ביזט א נאַריש אינגעל...

אז מען קאָן א ליעד אויך גנב'ענען, דאָס קאָן מיין באָבע ניט פערשטעהן. איך וויל עס איהר ניט ערקלערען. איך בעשליס, אז עס איז בעסער זיין א נאַר איידער גנב'ענען ליעדער. איך געה ארויס פון דער באָבען אָהן האָנאָראַר, אָהן כבוד און נעהם אויף זיך קיין ליעדער קיינמאָל, קיינמאָל ניט צו גנב'ענען...

און גאָט האָט מיר שטענדיג געהאָלפען!...

# דער גימנאזיסט.

דער ערשטער, וואס האט אוועקגעשיקט זיין אינגעל אין גימנאזיע, איז געווען אברהם אליה.

אברהם אליה איז געווען א איד א משכיל. עס איז ווענען איהם אין שטעדטעל ארומגענאנגען, גערענק איך, א לעגענדע, אז בחור־ווייז האט ער זיך געהאלטען ביי'ם שמד'ן: אזוי ווייט איז ער, הייסט עס, אוועק אין חקירה... ווי אזוי ער איז פון שמד ניצול געווארען — האט די לעגענדע ניט געוואוסט. עס איז אבער געווען אין דער לעגענדע א וואריאנט, אז פון שמד האט איהם אבגערערט חנה ביילע, זיין איצטיגע ווייב, וואס איז געווען מיידעל־ווייז א גרויסע פארשוין און א חכמה און מיט וועלכער ער לעבט ער היום זעהר גליקליך.

אלענפאלס האט מען איהם א סך זאכען מוחל געווען, סיי די צו־קורצע קאפאטע, וואס ער האט געטראגען אין מיטען וואך, סיי דאס גלוי־ראש צו הויז. אדרבא, מען איז געווען צו־פריעדען, וואס חאטש שבת געהט ער דאווענען — אמת, ניט אין שוהל, אבער אין א „מנין" איז אויך די תפילה אנגענומען, בפרט, אז אין מנין, וואו אברהם אליה האט געדאווענט, איז צו־גענאנגען עבט־אידישלעך און מען פלעגט אפילו נישט דורכלא־זען די פיוט אין פרשה שקלים און פרשה זכר... אמאל פלעגט ער אפילו דאווענען שחרית פאר'ן עמוד, און זיין עברי איז געווען וואס צו הערען: ווערטער ווי פערעל. איינס נאר האט די דאוונער פון מנין אביסעל געשטערט: א למד פלעגט ער ארויסזאגען צו ווייך. נאר א משכיל פון מנין האט ערקלערט, אז דאס קומט פון די פיעל דייטשע ביכער, וואס אברהם אליה לייענט... און

דער קליינער עולם פון מנין איז מיט דער צייט אויך מיט'ן וויי־כען למד שלום געווארען.

אין מנין פלעגט אברהם אליה שטענדיג קומען מיט זיין עלטערען אינגעל, וואס פלעגט שטענדיג זיצען נעבען איהם מיט א סדור'ל אין האנד, און פאמעליך דאווגען. ווענען אינגעל האט מען דערצעהלט, אז ער קען אלע גראמאטיקעס אויסווייניג און דוקא אהן לעהרערס. דאס אלץ האט איהם דער טאטע אויסגע־לערנט, און די דאוונער האבען געהאט פאר'ן אינגעל, שלמה'קע, פונקט דעמזעלבען דרך־ארץ, ווי פאר'ן טאטען אליין.

צווישען די דאוונער פון מנין איז אויך געווען מיין טאטע, וואס האט ליעב געהאט צו שמועסען, ווי ווייט עס האט זיך געלאזט, מיט אברהם אליה'ן, וועלכער איז קיין איבעריג „בע־רעדטער" נישט געווען. דאך האט ער אויף מיין טאטען, אויך א שטיקעל משכיל, געלעגט דרך־ארץ, און זיי פלעגען אמאל צו־זאמען ארויסגעהן פון מנין און דער איבעריגער עולם פלעגט נאכגעהען פון הינטען און הארכען, פון וואס ריידען צוויי „קע־נער"...

איך פלעג דאן כאפען א שמועס מיט שלמה'קען.

— דו געהסט גאר ניט אין חדר?

— ניין... — האט ער קורץ געענטפערט.

— לערנסט מיט'ן טאטען?..

— אלץ מיט'ן טאטען..

— און רוסיש לערנסטו זיך אויך ביים טאטען?

— אפילו דייטש אויך.

— דייטש אויך?! — האב איך זיך פער'חדוש'ט און בין שטארק געווארען ארויסגעפאלען ביי זיך אין די אויגען, וואס איך קען נאך אזוי ווענינ, און האב ניט געוואגט מיט שלמה'קען ווייטער צו רעדען.

שלמה'קע אבער איז געווען ביי זיך פראסט, און איינמאל האט ער מיר אנגעזאגט:

— ווייסט, נאך יום־טוב פאהר איך קיין מינסק, אין גימ־נאזיע...

— אין גימנאזיע!... — האב איך אויפגעשטעלט אויף איהם די אויגען און באלד צו זיך געקומען און געפרעגט:

— און אום שבת וועסטו שרייבען?

שלמה'קע האט א שמייכעל געטהאן און גארנישט געענט־פערט.

איך בין אוועק א פערשעמטער און פול מיט קנאה. אויף מיין טאטען האב איך געקוקט מיט פערדרוס און גרינגשעציג. אויך מיר א טאטע! אט אז מען האט פאר א טאטען אזא, ווי אברהם אליה, קאן מען קומען צו א תכלית!... און איך וואס?... אז שלמה'קע וועט אמאל קומען צופאהרען, וועט ער שוין אפילו נים וועלען רעדען מיט מיר.

און איך האב גענומען אויף מיר צו לערנען זיך רוסיש. געקויפט גאנצע זעקס בויגען פאפיר, געמאכט דערפון א העפט פון אכט און פערציג זייטען, יעדעס זייטעל האב איך אבגעצוימט מיט א לאנגען שטריך און אויף איין זייט פערשריבען אלע שווע־רע רוסישע ווערטער. אויף דער צווייטער זייט דעם „טייטש־ווארט" און פלעג נאכאנאנד חזר'ן: באך — גאט, ניעבא — דער הימעל, זוויאזדי — די שטערען, פטיצא — א פויגעל...

אויף אזא אופן האב איך געהאפט אויסלערנען זיך „פאל־קאם" די רוסישע שפראך, און טאמער קומט שלמה'קע צו־גאסט, זאל איך חאטש ניט זיין קיין שטומער און קאנען מיט איהם אויסרעדען א פאר ווערטער...

---

איינמאל אין א זומערדיגען שבת קום איך אריין מיט'ן טא־טען אין מנין, ערשט איך זעה נעבען אברהם אליה'ן זיצט איי־נער מיט א בעקאנט פנים, אין א היטעל מיט א קאקארדע, אין א בלאהען מונדיר מיט מעשענע קנעפ, אויסגעזעצט אין א לאנגער

רייה; האַלט א סדור'ל אין האַנד און קוקט דאָ אויפ'ן באַלקען, דאָ אויפ'ן עמוד און דער גאַנצער עולם אויף איהם...

אַנפאַנגס בין איך מבולבל געוואָרען, נאָר אין א ווײלע אַרום האָב איך מיך געכאַפּט, אַז אַט דאָס איז דאָך טאַקע שלמה'קע אברהם אליה'ס, וואָס געהט איצט אין מינסקער גימ־נאַזיע און איז אויף זומער געקומען אַהיים.

שטעה איך אַזוי און קוק אויף איהם און שלינג איהם שיער ניט איין מיט מײַנע בליקען, און איך פיהל, אַז דאָס איז זעהר ניט איידעל צו קוקען אַזוי נאָכאַנאַנד אויף א מענשען, ער מעג אפילו זיין א גימנאַזיסט... בפרט, אַז איך האָב אין דעם יאָהר אויך עפּעס אויפגעטהאָן: האָב אין מײַן העפט שוין פערשריבען דריי הונדערט זיעבען און פערציג רוסישע ווערטער און קען אַלע טײַטש־ווערטער, און אין דייטש איז א סברא, אַז איך קען שוין באַלד דעם גאַנצען א־בע־צע... מיט איין וואָרט — שטאַרק כתפעל ווערען דאַרף איך ניט.. און איך בעשליס — אינגאַנצען מבטל זיין איהם, מיט זיין היטעל, מיט זײַנע קנעפּ און קוקען בעסער אין פענסטער אַריין... אָבער אויספיהרען דאָס איז ניט אַזוי לײַכט. איך וועל קוקען אויף איהם אַזוי, אַז ער זאָל ניט בעמערקען... איז אָבער מעשה־שטן, ווי נאָר איך גיב א הויב די אויגען צו איהם, טרעף איך זיך גלײַך מיט זײַנע בליקען.

בעטראַכט איך מיך, אַז אין פּלוג זײַנען מיר דאָך אַלטע בעקאַנטע, פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט קוקען אויף איהם אָפען? צו חזרת הש"ץ, איך זאָל ניט זיין קיין טרוס, קאָן איך אפילו צוגעהן צו איהם און געבען איהם די האַנד און זאָגען: „זדראַווסטוואויטע“ — און זאָל ער ניט מיינען, אַז איך בין שוין גאָר א גאַרנישט!...

א לײַכטע זאַך איז דאָס, נאָר אָט־אָט האַלט שוין דער חזן ביי „שים שלום“ און איך בין נאָך אַלץ זיך מכין צו צוגעהן.

מילא, איך וועל דאָס אָבלעגען צו קריאת־התורה. דעמאָלט וועט זיין בעסער. נאָר אָט האַלט מען שוין באַלד ביי מפטיר, און

איך האב נאך מיין פלאן נישט אויסגעפיהרט. איך האלט אלץ אין איין חזר'ן „זדראווסטוואויטע“. און דא הער איך, ווי מען רופט אויס: יעמוד החתן ר' שלמה ב"ר אברהם אליה מפטיר....

מפטיר אין א גוי'אישען היטעל, אין מעשענע קנעפ... פער־חדוש איך מיך, און דאך טהוט עס מיר הנאה: ווי באלד אז מפטיר — איז ער דאך פארט נעהנטער צו מיר...

אמת, ביי די ברכות האט ער זיך אביסעל אויסגעגליטשט, א פאר ווערטער האט ער דורכגעלאזט, אבער בכלל איז דער ניגון געווען אויסגעהאלטען. און ביי מיר בלייבט, גלייך ווי ער ענדיגט מפטיר — צוגעהן צו איהם און געבען איהם שלום־עליכם. עס איז פארט לייכטער, איידער אויסצורעדען „זדראווס־טוואויטע“. ווער ווייסט, צי וועל איך עס נאך שארף ארויס־רעדען? איך קאן נאך מעשה־שטן ארויסרעדען מיט א „זשע“, ווי עס טרעפט ביי מיר אפט, און דעמאלט וועט ער האבען וואס צו לאכען.

אז ער האט געענדיגט דעם מפטיר, האב איך שו־ן געמאכט א טריט פאראויס. נאר דא האבען מיר געשטערט עטליכע אי־דען פון עולם, וועלכע האבען זיך א לאז געגעבען איהם אב־געבען „שלום־עליכם“.

— פאר מיר — האב איך בעטראכט — פאסט ניט צו־זאמען מיט די פראסטע אידען...

און איך האב אבגעלעגט אויף נאכ'ן דאווענען..

און נאכ'ן דאווענען האט מיר גאט געגעבען מוטה, איך בין צוגעגאנגען צו איהם, אויסגעשטרעקט די האנד און געבלי־בען שטעהן אהן א ווארט.

ער האט צוריק דערלאנגט מיר די האנד און געשמייכעלט.

— איהר זענט א גימנאזיסט...—האב איך אויסגעשאסען פון גרויס פערלעגענהייט...

— יא, א גימנאזיסט... — האט ער גוטהערציג געשמיי־כעלט.. — און דו? וואס מאכסטו?

— איך — איך קען שוין אויך גוט רוסיש, מיר פּעהלען נאָר אביסעל ווערטער...

— נו, מיר וועלען זיך זעהען... — האָט ער אויסגעשטרעקט מיר די האַנד און איז אוועק מיט'ן טאַטען...

מיין טאַטע איז צו מיר גלייך צוגעגאַנגען און מיט א צופריעדענער מינע זיך געווענדעט צו מיר:

— וואָס האָסטו גערעדט מיט שלמה'קען?

— עט, האָב איך געענטפערט ווי א גרויסער — גערעדט וועגען רוסיש... ער האָט ביי מיר געפרעגט א טייטש־וואָרט.

— נו, האָסטו געוואוסט?

— יאָ! — האָב איך שטאָלץ געענטפערט...

דער טאַטע האָט צופריעדען א גלעט געטהאָן דאָס בערדעל, א הוסט געטהאָן און זיך אָנגערופען:

— עס שאַדט נישט, אז דו זאָלסט מיט איהם זיין אויפגעטראָגען... קאָנסט עפּעס נאַשען פון איהם, א שטיקעל גראַמאַטיקע, א שטיקעל חשבון, דאָס, יענעס...

און דעם גאַנצען שבת האָט דער טאַטע אויף מיר געקוקט מיט דרך־ארץ: גערעדט מיט'ן גימנאַזיסט!...

# א אידיש הארץ.

נאך איינגעלוויין האט בעריל געוואוסט דעם חשבון פון זיינע אידען: צוועלף מיליאן! אזוי פלעגט ער זעהן שווארץ אויף ווייס אין דעם לוח. אין איין לוח איז אפילו אמאל געווען נישט מעהר, ווי אכט מיליאן מיט עפעס, נאר בעריל האט אין דעם דאזיגען לוח נים געגלויבט. פערקעהרט, ער איז געווען זיכער, אז עס איז נאך דא מעהר ווי צוועלף מיליאן, ווארום, ווי אזוי קאן מען דאס איננאנצען איבערצעהלען! אט איז די שוועס־טערל, דינה'לע, שוין דריי יאהר אלט און זי איז נאך ניט פער־שריעבען — הערט ער אפט ווי די מאמע דערמאנט דעם טא־טען. און וויפיעל אזוינע דינה'לעך זיינען נאך דא אויף דער וועלט. נאר ס'א דאנה! צוועלף מיליאן קלעקט איהם אויך. וויפיעל איז דער שיעור! אמת, גאט האט די אידען געבענשט זיי זאלען זיין, ווי די זאמד ביי'ן ברעג ים, נאר דאס איז נאר א משל, אין תנ'ך זיינען דא א סך משלים.

און אט די צוועלף מילאן אידען האט בעריל דאס איננעל ליעב מיט'ן גאנצען הארצען. עס פערדריסט איהם נאר, וואס זיי זיינען ניט אויף איין ארט. אט ווען ער זאל האבען אלע צוועלף מיליאן אידען אויף איין ארט, וואלט געווען א גוטע זאך: נאר בעריל טרייסט זיך מיט דעם געדאנק, אז גאט האט אליין גע־זאגט, אז ער וועט זיי צושפרייטען אין דער גאנצער וועלט, און דערנאכדעם וועט ער זיי אויפקלויבען אלע צוזאמען. עס איז שוין אפילו צו לאנג, אז ער האט זיי פערשפרייט, שוין צייט אויפצוקלויבען, נאר ווי באלד, אז צושפרייט האט ער זיי, וועט ער זיי אמאל אויפקלויבען אויך. קיין ליגנער, ווייס בעריל, איז

גאַט נישט. והא ראיה, ער האָט געזאָגט, אז אידען וועלען זיין אין גלות און זיי זיינען טאקי אין גלות. זעהט מען דאָך, אז עפּעס איז ער יאָ מקיים...

און צוריק רעדענדיג האָט בעריל געגוג אידען אויף איין אָרט אויך. „ברוסיא, אין רוסלאַנד, לעזט ער אין לוח פינף מיליאָן!“ ער צעהלט איבער די נולן, צי האָט ער קיין טעות ניט, און עס איז ריכטיג: זעקס נולען מיט אַ 5! פערמאָגט ער, הייסט עס, אין רוסלאַנד אליין פינף מיליאָן! אויף איין אָרט! מיט אזוי פיעל אידען קאָן ער שוין אויך עפּעס מאכען א תכלית. רוסלאַנד איז אפילו אויך א גלות, פאַרהאַן א סך גזרות אויף אי־דען, פון דעסטוועגען גאָר שלעכט איז ניט. אידישע קינדער גע־העז אין חדרים, האָבען אייגענע בתי־מדרשים, רבנים, מען לאָזט קינדער מל זיין, חופה שטעלען. ניט צו פערזינדיגען. אין רוים, אין יון, איז ערגער געווען. וויים בעריל א ביסעל פון גמרא און א ביסעל פון „דברי ימי עולם“ אין וועלכען ער קוקט אמאָל אריין.* בשעת דער טאַטע איז ניטאָ אין דער היים. אי, וואָס דאָ ניט לאַנג איז ארוים א גזרה, אז אידען טאָרען קיין שענקען ניט האלטען, איז ניט אזאַ בייז: וועלען זיי האלטען קראָמען, טרייסט זיך בעריל. פון א קראָם קאָן מען אויך האָבען פּרנסה. אָדער זיי וועלען האנדלען מיט תבואה. אבי אידען זיין לאָזט מען... און דאָס איז ביי דעם דרייצעהן־פיערצעהן־יעהריגען בערלען דער עיקר.

שפּעטער, אז בעריל ווערט עלטער און הויבט אָן צו לייענען ביכלעך, ווערט ער אויך חלילה ניט אוים איד! ביי איהם בייט זיך נאָר דער קוק אויף קלייניגקייטען. מיט די צוועלף מיליאָן אידען איז ער אויך איצטער שטאָלץ. נאָר וואָס דען? די אידען פון אויסלאַנד שפּיעלען שוין ביי איהם אויך א גרויסע ראָליע. מענדעלסאָן איז א גרויסער פילאָזאָף און א איד, האָט וכוחים מיט גרויסע גלחים און איז זיי מנצח... נאָכדעם דערוויסט ער זיך, אז דער גרויסער משורר היינע איז געווען א איד. פון היינען

האט ער אפילו ענמת־נפש: ער האט זיך גע׳שמד׳ט — אז עולה, א גרויסע עולה! נאר ער לייענט ווענען איהם שווארץ אויף ווייס, אז ער איז געשטארבען א איד און פאר׳ן טויט האט ער אויסגעשריען: שמע ישראל! און בעריל גלויבט און איז מוחל.

און אויב פון היינען האט ער אביסעל ענמת־נפש, ווייס ער אבער, אז מעערבער, דער גרעסטער קאמפאזיטאר אין דער וועלט, איז געשטארבען א איד און ליענט אויפ׳ן אידישען בית־עולם...

היינט די ראטשילדען, ביי וועמען קיסרים לייהען געלד! און אזוינע אידען! איין ראטשילד, ווייס בעריל, זיצט יום ולילה און לערנט. און חאטש בעריל איז שוין א שטיקעל משכיל און האלט, אז אויסער גמרא איז פארהאן נאך עפעס חכמות אויף דער וועלט, פון דעסטוועגען איז ער שטארק צופריעדען, וואס עס איז דא א ראטשילד, וואס זיצט און לערנט. פאר׳ן כלל ישראל איז דאס געזינדטער... ווארום בעריל פיהלט, אז מען האט צו־פיעל געלד איז זעהר א שווערע זאך צו בלייבען ביי אידיש־קייט...

און אויסער די דאזיגע אידען, ווייס בעריל פון נאך א סך גרויסע מענשען—אידען! צייטענווייז האט ער א טעות און רע־כענט אריין בעריהמטע קריסטען אין אידישען צעטיל. אזוי, למשל, האט ער א לאנגע צייט געהאלטען לעסינג׳ען פאר א איד און האט זיך אפילו גענואטען אין צוויי פעטש: סטייטש, האט ער גע׳טענה׳ט: אפרים לעסינג!... אפרים! עס פערשטעהט זיך, אז דעם גענועט האט ער פערשפיעלט, ד. ה. ער האט בעקומען צוויי פעטש, נאר פון דעסטוועגען איז ער גע־ווען צופריעדען, וואס אזא גרויסער מענש, ווי לעסינג איז, האט א אידישען נאמען. צוליעב דעם אידישען נאמען האט ער אויף אמאל זיך טועה געווען און האט געהאלטען פראנקלין דעם אמע־ריקאנער פאר א אידען. בנימין פראנקלין! אמת, גענואטען האט ער זיך שוין ניט. ער האט זיך נאר אזוי געשפארט.

אויף עדיסאָן האָט ער אויך געוואָרפען אַן אויג. אַזאַ קאָפּ! אַזאַ גרויסער ערפינדער און די פאַמיליע איז אַ אידישע. עס האָט איהם אָבער ניט געגאָלטען! איז וואָס? ווערט ער אויך ניט נתפּעל! ער האָט געגוג אידען, גרויסע לייט!

שפּעטער האָט בעריל נחת פון דר. הערצל. נאָך אַ אידי־שען קיסר האָט בעריל שטענדיג געבענקט, און ניט איין מאָל פּלעגט ער בלעטערן אין תנ"ך פון ראשונים ביז מלכים. „וימת— וימלך"... אַ סך מלכים זיינען ביי אידען געווען! היינט איינער נימאַ! און דר. הערצל איז ביי בערלען געווען פערדעכענט, אויב ניט פאַר אַ קיסר, ווענינסטענס פאַר אַ שופט. וישפּוט את ישראל און ער האָט געמשפּט די אידען. זאָל דאַכטען, אַז ער לעבט אין דער צייט פון די שופטים.. און בעריל האָט זיך איינגעשריבען אין ציוניסטען...

אָבער אויסער כבוד, וויל בעריל אויך פאַר אידען אַ תכלית. אויף אידען האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען פּאָגראָמען, מען שלאָגט, מען הרג'עט. פון די צוועלף מיליאָן הויבט איהם אָן עפּעס צו פעהלען. אין קישינעוו — 45, דעם צווייטען מאָל — נאָך מעהר, דערנאָכדעם געהען 136 שטעדט און שטעדטלעך, און אומעדום הרוגים! און עס איז נאָך דעם שונא ווייניג... בעריל געהערט שוין צו אַ פאַרטיי, וואָס זוכט פאַר אידען אַן אָרט. מען לעגט איהם פאַר ערד אין אַזיען, אויסטראַליען... בעריל איז זיך מישב, וואו איז בעסערע ערד, וואו זיינען בעסערע תנאים, וואו וועט דאָס אידישע פאָלק, זיינע צוועלף מיליאָן, פון וועלכע עס פעהלט שוין אביסעל, געפינען אַ שוץ, עס זאָל בליי־בען גאַנץ.

און קיין צייט צו קלערען איז ניטאָ... און בעריל איז פער־צווייפעלט און זיין האַרץ בלוטיגט...

— וואָס טהוט מען מיט אידען? — ברעכט בעריל מיט די הענד און זאָרגט ווי אַ טאַטע, ווען זיין פאַמיליע איז אין אַ סכנה.

# די נאשערין.

דער אנבייסען איז ביי שיינדלען געווען נישט קיין זעטיגער. אפקאכען א טעפעל קארטאפעל, האט זי קיין צייט נישט געהאט, זי איז געווען פערנומען מ׳ט די וועש וואס זי האט נעכטען געוואשען. און אין דערפריה געדארפט אויסהענגען צו טריקענען. זי האט אפילו דעם אויוועז נישט געהייצט און אויף מיטאג נישט נעקאכט קיין ביסעל געקעכטס. אז עס איז געקומען א זייגער איינס, האט חיים, דער מאן, וואס איז כלומר׳שט א העגדלער, א זאג געטהאן נישט גאנץ דרייסט:

— דו ווייסט, שיינדעל... מיר ציהט עפעס אין הארצען...

— שוין? אזוי גיך! — האט זיך שיינדעל אנגעכאפט — ווי לאנג, דוכט זיך, האט מען אנבייסען געגעסען, איך וויים נישט צי עס איז פארהאן פיער שעה...

— וואס רעדסטו, נארעלע, עס וועט זיין געזונטע פיער שעה, אויב נישט טאקי די גאנצע פינפטהאלבען... — האט חיים זיך געסטארעט צו ריידען וואס ווייכער און האט גענומען רעכענען אין דער שטיל, טאמער איז נאך טאקי קיין פיער שעה נישטא, זאל זי חאטש נישט הערען.

— אנבייסען האבען מיר געגעסען פ א ר צעהן, איצטער איז נ א ך איינס... הייגט דארט איז געווען פ א ר צ ע ה ן און איצט איז נאך א י י נ ס...

דער חשבון האט איהם אויפגעמונטערט און ער האט שוין כמעט ווי מיט העזה ארויסגערעדט:

— ס׳איז שוין דא שעהנע פיער שעה, טאקי באלד די פינפטהאלבען...

— און אז צעהן שעה, וואס זאל איך דיר געבען? זאל איך אזוי וויסען פון בייז... — האט שיינדעל בעזארגט גע־רעדט — אין שטוב איז א חוץ ברויט גאר נישטא... אויף וועטשערע וועל איך עפעס קאכען.

— אפשר א הערינגעל... — האט חיים ווי דערשראקען פארגעלעגט.

— נאך א נייעס, — האט זיך שיינדעל בעקרימט — וואס איז היינט פאר א מין „קאזאטשינע"! הערינג איז איצט פלאם פייער, אכט גראשען א הערינג, א ברעקיל...

— נו, פונדעסטוועגען איז א הערינג אויף מיטאג נישט שלעכט... שיק נאך א הערינג — האט חיים, קענען זיין נאטור, זיך געהאלטען פעסט אן זיין אידעע.

— איך וויל אויך עסען! — האט די עלטערע, זעכצעהנ־יעהריגע טאכטער זיך אנגערופען פון א ווינקעל, וואו זי איז געזעסען און שטיל געארבייט.

— און איך „שטארב" אויך עסען! — האט זיך אנגע־רופען די צוועלפיעהריגע גרונע, וואס איז געזעסען ביי'ן פענס־טער און די גאנצע צייט געקוקט צום גאס.

— א הונגער איז אויף זיי אנגעפאלען! — איז שיינדעל אין כעס געווארען — פאר וואס ווילט זיך מ י ר נאך נישט עסען, דאכט זיך, איך בין אויך אזא מענש, ווי איהר.

— דו עסט טאקי גאר נישט... — האט חיים ווייך גע־רעדט — ביזט טאקי א שוטה... נארעלע, די וועלט איז אויך א וועלט.

— פון וואנען, פערדיענער מיינער, זאל איך דאס אלץ נעמען? — האט זי פערדריסליך געפרעגט. — וואס איך רייס נישט אפ פון זיך, דאס האב איך נישט.

— גאט וועט העלפען, נישקשה, — האט חיים גענומען טרייסטען. שיק נאך א הערינגעל, שיק! — איז ער אלץ ווייטער מעהר מוטיג געווארען.

— נו, נעה, גרונע, אין קרעמיל און נעהם א הערינג... — האט זיך שיינדעל, נאך א ישוב־הדעת, געווענדט צו דער איג־נערער טאכטער. ווערסט „איהר" זאגען, אז מיט נעכטיגען פע־פער וועט זיין אינאיינעם 27 גראשען.

דאס מיידעל איז מיט שמחה ארויסגעלאפען פון שטוב...

— נאר א גוטען! — האט שיינדעל איהר נאכגעשריען.

— מיט רויגען! — האט אויך חיים פון זיין זייט צוגע־שריען.

נאר דאס איז געווען ווי א קול אין דער מדבר. די שליח'טע איז שוין מיט איהר שליחות ווייט געווען...

באלד איז גרונע געקומען צו לויפען פערפלאטערט און פער־סאפעט, אבער א פרעהליכע, מיט א הערינג, איינגעוויקעלט נאר אין דער מיט אין א שטיקעל פאפיער.

— ווייז, ווייז, — האט שיינדעל אונגעדולדיג ארויסגענו־מען איהם פון איהר האנד און בעטראכטענדיג איהם פון אלע זייטען, האט זי זיך פערקרימט און געזאגט:

— א הערינג — א ברעט'ל... אז מען שיקט א „גלאמפ".

— ווייז נאר, — איז שוין אויך חיים בכבודו ובעצמו צו־געגאנגען צום הערינג... אבער שיינדעל, אהן א בעזונדער סבה און אן אויפגערעגטע, האט איהם אוועקגעטריבען:

— געה, געה ווערסט שוין זעהן פארטיגערהייד... — דאך האט חיים שוין בעוויזען דעם הערינג אנצוקוקען און האט מיט סלינע אין מויל, וואס די מראה אליין פון הערינג האט ביי איהם ארויסגערופען, גוטהערציג געזאגט:

— ניין, מיר דאכט, אז דאס הערינג'ל איז דווקא נישט קיין שלעכטער... א פעטינקער הערינג...

— אט אזוי ווי דו ביזט פעט! — האט שיינדעל געמור־מעלט, חאטש אין הארצען איז זי אליין געווען צופריעדען פון הערינג.

באלד זיינען אריינגעלאָפען די דריי קלענערע קינדער פון הויף, וואו זיי האָבען געשפּיעלט, און האָבען זיך פרעהליך צו־זונגען:

— א הערינג! א הערינג!

— מיר א שטיקעל

— מיר דעם עק!

— מיר דעם „קאָפּ“...

— זעהט אביסעל, ווי זיי זיינען בעפאלען, ווי די קאָזאַ־קען — האָט שיינדעל זיי אבגעשטופּט — לאָזט מיר איהם פריי־הער „מאכען“.

— דו וואָלסט איהם געמאכט מיט א „ציבעלע“ — האָט חיים פאָרגעלעגט.

— עס דאַרף ביי מיר זיין ערגעץ א ציבעלע — האָט שיינ־דעל געענטפערט, און האָט גענומען זוכען אויף דער גראַטקע, וואו זי געדענקט אויף זיכער, די ציבעלע איז נאָך נעכטען אין דער פריה געלעגען.

די ציבעלע איז אבער, ווי אין דר׳ערד אריין!

— וואו איז די ציבעלע? — האָט זיך שיינדעל געווענדעט צו דער עלטערער טאָכטער.

— איך ווייס נישט — איך האָב נישט געזעהן.

— ד י ך זאָל איך נישט זעהן! — האָט זיך שיינדעל צעקאָכט—קיין זאך זעהט זי נישט... גרונע, אפשר ווייסט דו?— האָט זי זיך געווענדעט צו גרונען.

די קליינע גרונע האָט אנשטאָט צו ענטפערן, זיך שטארק פונאנדער געלאכט, נאָר אין געלעכטער האָט זיך געהערט פער־צווייפלונג און טרערען...

— אי, זי לאכט! זי לאכט! זי האָט אויפגעגעסען! — האָט זי דער געלעכטער ארויסגעגעבען.

— א ליגען! — האָט זי, רויט ווערענדיג, זיך געלייקענט.

— זי האָט אויפגעגעסען! — האָט די עלטערע טאָכטער גע׳מסר׳ט — מען דערקענט אָן איהר פּנים.

— זאָג, וואו איז די ציבעלע? — האָט די מאַמע אויסגע־שטעלט פערבלוטיגע אויגען...

— איך האָב נעכטען אויפגעגעסען מיט ברויט, — האָט גרונע א דערשראָקענע זיך פערענטפערט.

— זאָל אויף דיר קומען א טוידט! — איז אויף איהר שיינדעל ארויפגעפאַלען מיט די דארע פויסטען.—משמדת׳טע, ווי נאַשט מען דאָס אויף איינע אליין א גאַנצע ציבעלע?!

— דאָס איז אַן אַקט אין דער וועלט און איז ווערט, אַז מען זאָל זי אויף שטיקער צושניידען — אזא נאַשערין! —האָט חיים פון זיין זייט צוגעלעגט.

און באַלד, אַלס פאָטער און ערציהער, האָט ער ארויסגעגע־בען א פּסק:

— מען זאָל איהר קיין ברעקיל הערינג נישט געבען.

דעם פּסק האָט ער אויך בעגרינדעט:

— נישקשה, מיט א ציבעלע קען מען זיין זאַט אָהן הע־רינג.

און חאַטש חיים האָט נישט אזא דעה אין שטוב, דאָך איז דער פּסק דיין ערפילט געוואָרען — עס האָט נישט געהאָלפען דער נאַשערקעס געוויין.

— אין רחמים בדין! — האָט חיים זיך געשטאַרקט דאָס הארץ. ווען איהרע טרערען האָבען אויף איהם אנגעהויבען שטאַרק צו ווירקען און דער הערינג איז שוין געווען אויפגעגע־סען...

# מיין באָבעס גליק.

(אַ שמועס)

מיין באָבע איז געווען אַ שוואכע אידענע, אַ קליין־געוויקסיגע, און גאָר צו דער עלטער האָט זי אויסגעוויזען נידריגער פון איה־רע פינף־יעהריגע אייניקלעך. און פון דעסטוועגען איז זי שטענ־דיג געזונד געווען און האָט אויסגעלעבט איהרע יאָהרען — הלואי אויף אונז אַלעמען געזאָגט געוואָרען — צו 90 יאָהר איז זי געשטאָרבען, און געשטאָרבען שעהן, מיט לשון און מיט ודוי און האָט נאָך געגוג זכרון געהאט צו געדענקען איהרע אַלע חפצים, וואָס זי האָט אָבגעזאָגט די טעכטער, און דעם האַר־באַנד — דער אַלטער זאַגערין פון גרויסען בית־מדרש, וואו מיין באָבע האָט געדאַווענט.

וואָס מיינט איהר, אַמאָליגער כח איז טאָקי קיין שפּאַס ניט! און איהר וועט גלויבען, עס פלעגט זיך מאַכען צייטען, ווען איך פלעג בעוואונדערען מיין באָבעס כח, — איבערהויפּט אין די גרויסע תעניתים, אין די זומערדיגע טעג.

מיין באָבע איז געווען אויף אַלץ אַ בריה, וואָס איהר ווילט האָט זי געקענט! מילא פון „לאַקשען מאַכען“ וויל איך שוין ניט שמועסען. דערמיט האָט זי געקלונגען אין גאַנץ שטעדטעל, און אז איינער פלעגט וועלען אויסדריקען אַ זאַך, וואָס עס איז דין, פלעגט ער געבען אַ משל: דין ווי שולקעס לאַקשען (מיין באַ־בע האָט געהייסען שולקע). אבער בעסער פאַר אַלעם האָט זי גע־קענט פאַסטען תעניתים, דעריין מעג מען זאָגען איז זי געווען אַ מושלמת. ביי מיין באָבען האָט געהאט אַ תענית אַ ווערט ווי אַ שפּיי. — ביי מיר אַ תענית, פלעגט זי זיך בעריהמען פאַר איהרע אַלטע חבר'טעס, און פאַר די אייגענע קינדער —

ביי מיר א תענית איז א געלעכטער, דער רבונו של עולם זאל איהם נאר אננעהמען צו גוטען!

מילא פון די „געבאטענע“ תעניתים שמועסט מען דאך גישט: א שעהנע מעשה, די באבע מיינע זאל נישט פאסטען א תשעה באב צו אפילו א צום גדליה! און אז טויזענד רבנים וואלטען איהר זאגען: שולקע, דו ביסט אלט און שוואך, מיר זייי נען מתיר: ביים אז, וואלט זי ניט געהערט, אפילו דער פעטער ר' הלל, א גרויסער למדן, וואס פון איהם האט די משפחה שטארק געהאלטען, אז ער וואלט איהר מתיר זיין, וואלט זי אויך נישט געפאלגט; שמועסען שמועס איך דא פון סתם תעניתים, ווי למשל א כה"ב, עשרת ימי תשובה, געהויבענער מאנטאג און דא־ נערשטאג, אויסער דעם ווען א קינד אדער א אייניקעל צו אן אור אייניקעל פלעגט חלילה קראנק ווערען און נישט האבענדיג קיין אמונה אין דער רפואה פון דאקטאר, וואס פאהרט אום שבת, פלעגט זי געבען איהרע אייגענע מיטלען: א תענית בשעת מעשה און אז דער אויבערשטער וועט געבען דאס קינד וועט געזונד ווערען, זאגט זי צו בלי־נדר דעם רבונו של עולם פינף תעניתים!.. און מיין באבע פלעגט האלטען ווארט און פינקטליך אלע תעניתים אבפאסטען, און מיר דאכט זיך, אז זי האט שוין געהאט אזוי פיעל נאמנות ביים רבונו של עולם, אז ווען זי זאל, למשל זאגען: רבונו של עולם! לייה מיר א פינף־און־צוואנציגער, איך וועל דיר אבגעבען מיט תעניתים, וואלט ער איהר אויך געטרויט...

ריידענדיג דא אזוי וועגען מיין באבעס תעניתים, זאלען איהר ביישטעהן, האב איך זיך דערמאנט אן דאס גליק, וואס איהר האט אמאל געטראפען מיט א תענית נאר אין א מיטען מיטוואך; א געוועהנליכער מיטוואך, נישט קיין גזרה איז חלילה געוועזן צו הערען, נישט קיין הונגער צייט, אפילו איהר אייניקעל נחום, דער שוואכינקער נעבעך, איז אויך נישט שוואכער גע־ ווארען, און דאך האט זי דעם מיטוואך אבגעפאסט לויט איהר

מנהג ביי אלע תעניתים און צו מנחה אפילו „עננו“ געזאגט.

די מעשה איז אזוי געווען:

אז זי איז אמאָל אריין צו איהר עלטערע טאָכטער, האָט זי בעמערקט ווי דער אכט יעהריגער איינגעלע, איהר אייניקעל, איז געקומען פון חדר מיט פערפרוירענע פינגער, עס איז געווען ווינטער. זי האָט זיך צושריען אויף דער טאָכטער, וואָס זי לאָזט איהם אהן הענטשיקלעך געהן אין חדר, האָט אויף איהר געזאָגט, אז זי איז נישט קיין מאמע, נאָר א שטיעף־מאמע, נאָך ערגער, און האָט צוגעזאָגט, פערשטעהט זיך, בלי־נדר, איהם אויסצושטריקען א פּאָר הענטשיקלעך פון גוטען וואָל, וואָס זי האָט אליין אויסגעשפּינט. נאָר א גאנצע וואָך האָט זיך איהר אלץ קיין לעדיגע צייט נישט געמאכט. דיענסטאג ביי נאכט, אז זי איז ווידער געקומען געוואָהר ווערען די טאָכטער האָט איהר שוין דער אייניקעל דערמאָנט:

— נו, באָבע, וואו איז אייערע הענטשיקלעך?

— אם ירצה השם מאָרגען, מאָרגען! — האָט זי איהם פערזיכערט.

אויף מאָרגען, מיטוואָך, איז זי אויפגעשטאַנען, אָפּ־געדאַווענט, אבגעזאָגט אלע תחינות פון „קרבן מנחה“ (מיין באָ־בעס קרבן מנחה איז נאָך איצטער אויף ווערט א גילדען צעהן ווער עס דאַרף נישט, איהר געפינט דאָרט פון פייגעל־מילך!) און האָט זיך נאָך דעם גלייך גענומען צו די הענטשיקלעך. זי האָט אזוי פליסיג געשטריקט עטליכע שעה ביז וואנען איין הענטשקעלע איז פארטיג געוואָרען און זי האָט שוין געוואָלט אויפשטעהן און נעמען עפּעס אָנבייסען, און דאָס אנדערע הענטשקעלע שפּעטער ענדיגען, נאָר זי האָט זיך בערעכענעט, אז דאָס עסען וועט נישט אנטלויפען און איין מאָל פּאָר אלע מאָל— בעסער איצטער! און האָט ווידער פליסיג אָפּגעאַרבייט א פּאָר שעה ביז דאָס צווייטע איז אויך פארטיג געוואָרען.

— גו, דאנקען גאָט, פאַרטיג! — האָט זי געזאָגט צו זיך אליין — איצטער דאַרף מען עפּעס עסען.

זי האָט א קוק געטהאָן אויף דעם אלטען וואַנט־זייגער און האָט דערזעהן אז עס איז שוין באַלד צוויי. א גליקליכער גע־דאַנק איז איהר דורכ'ן קאָפּ דורכגעפלויגען, און זי האָט ליעב געשמייכעלט...

— נאָך צוויי שעה אין גאַנצען! — האָט זי זיך מיישב געווען — דער טאָג איז איצט א ברעקעל! — מען דאַרף שוין גאָר פאַסטען!... עס וועט נישט וואו היין קומען, זאָל זיך וואָל־גערען א תענית...

נאָך מעריב, נאָכדעם ווי זי האָט אָנגעביסען, איז זי גלייך אוועקגעגאַנגען צו דער עלטערער טאָכטער, איבערגעבען דעם אייניקעל די מתנה — די הענטשיקלעך, און האָט דאָרט אלעמען דערצעהלט פון איהר היינטיגען גליק — אריינגעכאַפּט א תענית גאָר נישט געריכטערהייט. דערביי האָט איהר פּנים געשטראַהלט, ממש די שכינה האָט אויף איהר גערוהט...

# די הייזער.

יעדער בעל־הבית אין שטעדטיל, וואס האט געהאט עטלי־כע רובל, — האט געזוכט געשעפט, אבער לייזער אליה איז גע־ווען אן אנדער מין איד — ער האט געהאלטען פון הייזער.

— הײנטיגע געשעפטען זיינען אלע אין דר'ערד! — פלעגט לייזער אליה זאגען, בדלות קאן מען ווערען, און הייזער איז אלע מאל געלד. טאמער א שרפה, בין איך נישט קיין שוטה ווי אנ־דערע און פערזיכער, קאסט עטליכע רובל!

און לייזער אליה האט זיך געהאלטען שטענדיג אין בויען.

דער הויף זיינער איז געווען א גרויסער, און דער גאנצער הויף איז געווען אנגעבויט מיט שטיבלעך. זיעבען שטיבלעך אויפ'ן הויף, אויסער די שטוב צום גאס, האט לייזער אליה פערמאגט. גערופען די שטיבלעך האט ער אויך הייזער.

— מיינע הייזער! — פלעגט ער אפט רעדען וועגען זיי מיט גרויס גדלות.

ער אליין האט געוואוינט אין דעם קלענסטען שטיבעל אויפ'ן הויף, חאטש ער איז געווען א מטופל מיט קינדער. ער האט אבער ניט געקאנט פערגעהמען קיין אנדער דירה.

— די דירות איז מיין פרויט! — פלעגט ער זאגען, ווען איינער פלעגט איהם מאכען דעם פארוואורף, וואס ער, א בעל־הבית פון הייזער, וואוינט אליין אין אזא ענגשאפט.

און שכנים האט ער געהאט א סך. אין יעדען שטיבעל א געזינדעל, אזוי אז דער הויף זיינער איז געווען א גאנץ פרעהלי־כער.

— נאר אויפ'ן גרוים־שטאדטיגען אופן ! — פלעגט זאגען א מאל אן אנדערער, וואס האט געוואוסט וואס א גרויסע שטאדט בעטייט. און לייזער אליה פלעגט דאמאלס מיט גדלות ענטפערן:

— ווען איך זאל מיינע הייזער אריבערטראגען אין א שטאדט, וואלט איך שוין מיט אייך ניט גערעדט !

אבער שטארק זארגען, וואס זיינע הייזער געפינען זיך אין א קליין־שטעדטעל, פלעגט ער ניט. מיט שכנים, גאט צו דאנ־קען, האט ער קיין זארג ניט. מאכט חתונה א בעל־הבית א טאכ־טער, קומט איהם צו א שכן, און חתונות מאכט מען אין שטעד־טעל ניט זעלטען.

צום גליק ניט לייזער אליה אוים זיינע קינדער אלע אין פרעמדע שטעדט, אזוי אז אויסער איין דירה פאר זיך אליין דארף ער ניט האבען און קאן אלע פערדינגען פרעמדע, ביי וועמען ער נעהמט דירה־געלד.

— און וואס מיינט איהר — זאגט ער אמאל, — זאל זיך מיין עלטערער טאכטער, למשל, מאכען א שידוך דא היע און זאל זי דארפען האבען א דירה, וועל איך איהר דען אבגעבען א שטיבעל ? חלילה ! עטליכע רובעל קאן איך איהר געבען אבער א שטיבעל — ביין ! דאס איז מיין ברויט.

און זיין ברויט האט לייזער אליה געהיט. אלע אין דער פריה פלעגט ער, נאך פאר'ן דאווענען, ארויסגעהן אויפ'ן הויף, ארומקוקען די ווענד, די פריזבעס, די קוימענס, די גאניקלעך, און טאמער חלילה בעט זיך א שטיקעל רעמאנטעל, פלעגט ער ניט זשאלעווען צו לאזען זיך קאסטען עטליכע גילדען און גלייך פער־ריכטען.

דערהויפט האט ער אכטונג גענעבען אויף די אויוועגס. אלע טאג פלעגט ער פרעגען ביי די בעל־הבית'טעס:

— נו, ווי קאכט אייער אויווען ?

און בעקומענדיג א מאל אן ענטפער מיט א האלבען מויל,

פלעגט ער גלייך אריינגעהן, הייסען עפענען דאָס ברעטיל פון אויווען, אריינרוקען [illegible]ער [illegible]אָפּ [illegible]ינוועניג. און אויב ער פלעגט נאָר געפינען די קלענסטע פגימה אין „פּאָד“, צי ערגיץ אנדערש וואו, פלעגט שוין אין א שעה ארום שטעהן ביי דעם דאָזיגען אויווען א איד מיט א פארטוך, א מולער הייסט עס — און פלעגט שוין שמירען וואו מען דאַרף.

און לייזער אליה איז געווען זיכער, אז דערפאר וועט ער שכנים שטענדיג האָבען.

און ער וויים, צי וואָלט טאקי לייזער אליה געדארפט ווען עס איז זאָרגען וועגען שכנים, ווען ניט די פערשאָלטענע אמע־ריקא.

פון אמעריקא ווייס מען שוין אין שטעדטעל לאנג. נאָר ווער פלעגט אמאָל פאָהרען? א צולאָזענער שניידער, וואָס האָט פיינד געהאט דאָס ווייב און פלעגט וועלען דאַרטען לעבען מיט א טייטשקע. א רעכטער מענש וועט דען פערשלאָגען דעם קאָפּ אזוי ווייט?

לייזער אליה פלעגט אלע מאָל פיהלען, ווי דאָס הארץ וואָלט איהם געזאָגט, אז פון אמעריקא וועט קיין גוטס איהם ניט ארויס־קומען, און וואו עס האָט נאָר געפּאסט, פלעגט ער עס זידלען מיט די שטארקסטע ווערטער.

— זאָגט מיר איך בעט אייך, — פלעגט ער טענה'ן אָפּט פאר זיינע שכנים, — וועלכער רעכטער מענש לאָזט זיך דאָס אוועק אין אזא העק ווי אמעריקע איז, וואו עס איז אפילו ניטאָ ווי מען זאָגט, קיין קיסר, אליץ מעג מען דאַרטען, יעדערער טהוט וואָס ער וויל, עס איז ניטאָ קיין מורא פאר אן עלטערן — גלאַט א הפקר־וועלט! און דערצו מוז מען ווערען נאָר א בעל־מלאכה, ווען ניט פגר'ט מען ווי א הונד פאר הונגער...

די שכנים פלעגען איהם אלע ווי איינער געבען גערעכט. נאָר לייזער אליה'ן איז דאָס געווען ווי וועניג, איהם האָט זיך עפּעס געוואָלט ארויסנעהמען א כתב, אז קיין אמעריקא זאָל

קיינער פון זיי ניט פאהרען. עס פערשטעהט זיך, אז אזוי ווייט איז ער ניט געגאנגען. נאר אמאל פלעגט ער א זאג טהאן.

— זאל יענקל ברעכן רוק און לענד ווער עס קלערט גאר צופאהרען אהין!

און ניט בעקומענדיג דערויף קיין הסכמה פון די שכנים, פלעגט ער ווי צורייצטער ווערען און צוגעבען:

— אז איך וואלט זיין א רב, וואלט איך אויף אמעריקא געמאכט א חרם, עלעהיי ווי אויף יענקעל טרייפנאקס פלייש...

קיין חרם האט אבער דער רב ניט געמאכט און אין איין ליכטיגען פריהמארגען בשעת לייזער אליה האט אבגעשטעלט א יונגע שכנה און געפרעגט: „ווי קאכט דער אויווען?“ האט זי א שמייכעל געטהאן און געענטפערט.

— דער אויווען קאכט נישקשה, נאר איך וועל זיך אם ירצה השם אין גיכען ארויסציהען צו מיין טאטען, ווייל „מיינעם“ האט זיך פערוואלט קיין אמעריקא...

די שכנה איז געווען א קליינע, א בלאסע און א שוואכע. בשעת זי האט גערעדט, האט זי, דאכט זיך, אין די הענד גאר נישט געהאלטען, ווייל זיי זיינען ביי איהר געלעגען צונויפגעלעגט רוהיג אויפ'ן ברוסט. נאר לייזער אליה וואלט שווערען, אז דאס ווייבעל האלט א דובינע און קלאפט איהם אין קאפ, און ווי א צוטומעלטער איז ער אריין אין זיין שטיבעל.

— וואס ביזטו אזוי צוטראגען, לייזער אליה? — האט איהם דאס ווייב א פרעג געטהאן:

— באלד בלייבט פוסטעווען א דירה! — האט ער מיט רוגזא געענטפערט, פונקט ווי דאס ווייב, און ניט קאלומבוס, וואלט ענטדעקט אמעריקא.

— וואס איז?

— יענקעלען האט זיך פערוואלט אמעריקא און זי ציהט זיך אריין צום טאטען.

— נו, מילא... — האָט דאָס ווייב געטרייסט — וועסט קריגען אַן אַנדער שכן.

לייזער אליה'ן אָבער איז ניט געגאַנגען אין שכן, איהם איז געגאַנגען אין אַמעריקאַ...

— דו וועסט זעהן — האָט ער זיך פּלוצים, ניט קאָנענדיג זיך איינהאַלטען, אַרויסגעהאַפּט — דו וועסט זעהן, אַז דאָס אַמעריקאַ וועט אונז אין דר'ערד לעגען...

— מיינע שונאים זאָלען ליעגען אין דר'ערד! וואָס הייסט?

— אַז דו ביזט אַ אידענע, אַ בהמה! — האָט זיך לייזער אליה נעקאָכט — היינט וואָס זאָל איך מיט דיר ריידען. דו ווייסט דען וואָס אַמעריקאַ איז? דאָס איז דאָך אַ קליפּה... עס ציהט! דו מיינסט, איך וויים ניט. אַ זאַראַזע איז דאָס, מען נעהמט זיך אַן איינע פון די אַנדערע... היינט פאָהרט איינער אַוועק און מאַרגען דער אַנדערער שכן און איבערמאָרגען דער דריטער און נאָכדעם וועסטו גריזשען די קלעצער פון די הייזער. פערשטעהסט, די קלעצער... וואָרים קיין דירה־געלד וועסטו ניט האָבען.

געזאָגט דאָס אַלץ האָט ער לכתחלה נאָר פון צורייצטקייט. ער האָט ניט געגלויבט, אַז די זאַך האַלט טאַקי אַזוי שמאָל, נאָר אַרויסזאָגענדיג דאָס אַלץ און ניט בעקומענדיג קיין אָבשלאָגונג פון דעם ווייב, האָט ער זיך אַליין דערשראָקען פאַר זיינע בייזע נביאות און ער האָט זיך כלומר'שט פערכאַפּט.

— קיין גרויסע יסורים האָב איך ניט... איך וועל קריגען שכנים... אַט זוכט בערעס איידעם אַ דירה! ער געהט אַראָב באַלד פון קעסט... איך מיין גלאַט, אַז אַמעריקאַ — איינגעבראָכען זאָל זי ווערען.

— הלואי רבונו של עולם! — האָט דאָס ווייב פרום צר־

געוואונשען, האטש הרג'ע זי, וואלט זי ניט געוואוסט וואס האט זי צו אמעריקא.

---

דער שכן איז אוועקגעפאהרען. דאס ווייבעל האט זיך אריינגעקליעבען צו איהר טאטען, און דאס שטיבעל האט גע־פוסטעוועט...

די ליידיגקייט פון שטיבעל ביי טאג און זיינע פינסטערע שויבען ביי נאכט האבען לייזער אליה'ן געשראקען מיט א ביי־זער אומגליקליכער נביאות... און ער פלעגט דעם קאפ אבקעה־רען פון איהם.

אבער אויף די איבריגע שטיבלעך האט ער שוין אויך אויפ־געהערט צו קוקען מיט אזא מין בעזארגטקייט ווי א מאל. זעל־טען ווען ער האט געפרעגט ביי א בעל־הבית'טע: „ווי קאכט דער אויוועז?" עפעס האט ער געקוקט אויף אלע שכנים ווי אויף ניט היעגע, ווי אויף געסט, וואס וועלען היינט־מארגען אוועק־פאהרען.

און קיין טעות האט לייזער אליה ניט געהאט. דאס שטעד־טעל האט אנגעהויבען וואס ווייטער צו פאהרען אלץ מעהר נאך אמעריקא... אויפ'ן הויף האבען זיך וואס ווייטער מעהרער דירות אויסגעליידיגט און ביי נאכט פלעגען צעהנדליגער פינסטערע שויבען פון די ליידיגע שטיבלעך איהם שרעקען, ווי אויגען פון א מלך המות.

— נו, וואס וועט איצטער זיין? — האט ער א זאג געטהאן אמאל צום ווייב, אז ער איז געבליבען מיט איין שכן אויפ'ן הויף...

— אפשר וואלטען מיר אויך געפאהרען... — האט דאס ווייב כלומרשט געלאכט...

— וואס לאכסטו, וואס? — האט לייזער אליה ווי אן אבל געענטפערט — איך וואלט דער ערשטער געפאהרען. נאר מיט וואס, אז דאס גאנצע געלד ליגט אין די הייזער... און קוי־

פען וועט זיי קיינער ניט... מען שמועסט, אז דאָס גאַנצע שטעטעל צופאַהרט זיך.

און לייזער אליה האָט זיך פערטראַכט, אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט געצופּט פון באָרד גראָהע האָר איינע נאָך די אַנ־דערע... איינע נאָך די אַנדערע...

# די רעוואָלוציע אין קליינעם בית־מדרש.

אין קליינעם בית־מדרש פלעגט מען שבת אבדאַוונען שפּע־טער ווי אין די איבריגע דריי בתי מדרשים, חאָטש דאָרטען האָט ניט דער רב געדאַוועננט און ניט קיין חזן געזונגען. געדאַ־וועננט האָבען אין קליינעם בית־מדרש אויך גיט קיין פרומערע אידען ווי אין די אנדערע דריי בתי מדרשים. אדרבא, דווקא אין קליינעם בית־מדרש האָבען געדאַוועננט אויך די פּאָר משכילים פון שטעדטעל, אויף וועלכע מען האָט אונטערגעמור־מעלט, אז זיי זיינען אביסעל ניט פרום און בחור־ווייז זיינען זיי גאָר געווען ווייט פון אידישקייט; די איבעריגע דאַוונער זיינען געוועזן אידען פון א גאַנץ יאָהר, אמת ניט קיין בעלי מלאכות — אין קליינעם בית־מדרש האָבען קיין בעלי מלאכות ניט גע־דאַוועננט, — נאָר אידען קרעמער און תבואה־הענדלער, א פּאָר מלמדים, אויך מעהר פון די היינטיגע, וואָס האָבען שוין גע־וואוסט פון דקדוק און פון „שפה חיה" און איינער האָט געהאַט א חדר גאָר אויפ'ן נייעם שטייגער — מיט בענק.. און דאָך, ווי געזאָגט, פלעגט מען דווקא פון קליינעם בית־מדרש שבת ארויסגעהן מיט א שעה אנדערהאלבען שפּעטער ווי פון די אי־בעריגע שולען, אפילו שפּעטער ווי פון דער חסידישער שטיבעל, וואו עס האָבען געדאַוועננט די ליבאַוויטשער, נישט קוקענדיג, וואָס צווישען די דאַוונער פון קליינעם בית־מדרש איז א חסיד אפילו אויף קיין רפואה ניט געווען.

די אורזאכע איז געווען נאָר אין איינפאכע: אין קליינעם בית־מדרש האָט געדאַוועננט דער גביר פון שטעדטעל — חיים מאיר טשאַרניאק. וועגען זיין פערמעגען איז געווען חלוקי־דעות,

מאנכע האבען געדרונגען, אז ער פערמאגט צוויי הונדערט טוי־זענד, מאנכע הונדערט טויזענד קערבלעך: די פאר משכלים, וואס זיינען געווען אפיקורסיש געשטימט, האבען איהם אראבגענו־מען זעהר א גרויסע סומע און האבען איהם נאר איבערגעלאזט א 50 טויזענד קערבלעך. נאטירליך פלעגט מען ניט דערלאזען אזא'ן עולה און ענדליך פלעגען אפילו די פאר משכילים מאכען א פשרה און דערלעגען איהם נאך א 25 טויזענד און זאל דער עולם ניט בייז זיין.

דערפאר איז אבער ביי קיינעם קיין חלוקי דעות ניט געווען וועגען ווארטען אויפ'ן גביר מיט'ן דאווענען, דערפון האט מען אפילו גאר ניט גערעדט. זאל זיין אפילו, אז די משכילים זיי־נען גערעכט, אז ער פערמאגט מעהר ניט ווי 50 טויזענד — נו און 50 טויזענד וואלגערען זיך דען אין גאס? ווארטען מוז מען אויף איהם סיי ווי סיי. ס'וואלט גאר קיינעם ניט איינגעפאלען, אפילו אין א שפאס, א זאג טהאן, זאל מען דאווענען אהן איהם. אין דער פראגע זיינען די דאוונער פון קליינעם בית־מדרש גע־ווען איניג. ס'האט זיך אפילו אמאל געפונען איינער, חנן דער תבאוה הענדלער, אן עזות פנים. וואס האט געזאגט, אז ביז ברוך שאמר קען מען דאווענען אהן איהם, נאר דער עולם האט דאס אנגענומען פאר א האלבען שפאס און קיינער האט אפילו ניט געפונען פאר נויטיג צו שפארען זיך אויף ניין. די זאך פער־שטעהט זיך ממילא, און ביז ברוך שאמר קען מען דעם גביר לאזען אליין? מען וועט איהם דען צווינגען צו נאכיאגען דעם חזן, וועלכער וועט האלטען ווייטער? וואס הייסט! עס איז שוין, אמת, געווען אמאל געגנוג העזה ווען מען האט, נאכדעם, ווי דער זייגער האט געשלאגען 10 און דער גביר איז אלץ ניט געקו־מען, געשיקט דעם שמש צו איהם אהיים פרעגען: וואס איז די מעשה? מען איז דאך ניט מעהר ווי א מענש — א גביר קען דאך אויך חלילה וחס קראנק ווערען.. בפרט, אז דער גביר האט טאקי געהאט א שטיקעל פעהלער: ס'האט געהייסען: די דיקע

דער, דאָס הייסט ער איז געווען צו דיק... דער גביר איז אבער דערפֿאַר בייז געוואָרען און האָט געזאָגט, אז ער בעט גאָר ניט מען זאָל אויף איהם וואַרטען... ער איז מוחל דעם כבוד...

דעמאָלט האָט דער שמש געכאַפּט א פּסק פון די בעלי בתים:

— עס האָט ניט געפּאַסט טאַקי צו געהן טרייבען איהם, עס איז ניט קיין דרך־ארץ פאַר א גביר..

און אז דער גביר איז דעמאָלט געקומען ערשט אין א האַלבער שעה אַרום, איז צוגעגאַנגען צו איהם טאַקי חנן דער תבואה הענדלער, וואָס האָט געהאַט א נאָמען פאַר אַן עזות־פּנים און האָט מיט א זיסען שמייכעל, וואָס האָט זיך צוגאָסען איבער זיין גאַנצען דאַרען פּנים ביז אַראָב באָרד, אויסגעשטאַמעלט:

— פון אונזערטוועגען, ר׳ חיים מאיר, וואָלטען מיר נאָך געוואַרט... וואָס איז שייך!... און ר׳ חיים מאיר האָט האַלב אַנגעבלאָזען און האַלב גוטהערציג געענטפערט:

— רופען מיך דאַרף מען ניט... אויב ס׳איז שווער צו וואַרטען — טאָ זאָל מען דאַוונען אָהן מיר.. איך פּאַזוואָליע...

נאַטירליך, איז געוואָרען באַלד א מהומה: דער גביר איז ברוגז. עס זיינען צו איהם צוגעגאַנגען די שעהנערע בעלי־בתים, די פּאָר משכילים, דער מלמד וואָס לערנט אויפ׳ן היינטיגען שטייגער מיט׳ן „שפה חיה“ און מיט די „ביינק“. און יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, וואָס דער הויפּט געדאַנק איז בעשטאַנען אין דעם, אז פון זייער זייט וואָלטען זיי נאָך געוואַרט און געוואַרט. נאָר אַלץ צוליעב׳ן שמש...

— און דער שמש — נאָר וואו שמש, ווען שמש? ס׳איז געשטאַנען ביי דער בימה א מת ניט קיין שמש — א קליינינקייט — איינגעריסען מיט׳ן גביר!...

---

קומט אָן פּלוצלונג אין שטעדטעל א נייעס, אז מען האָט

געווארפען א באמבע אויף פלעווען... אין מיטען וואך נאטירליך איז מען פעריאגט אין פרנסה, לאזט מען די נייעס בעשפרעכען די ווייבער און די בחורים׳לעך: זיי האבען צייט! שבת אבער קעהרט זיך דער קליינער בית־מדרש, איבערהויפט די פאר משכילים. זיי דרינגנען אז איצט וועט ווערען פריי...

דערהערט דאסווארט פריי, פרעגט דער שמש, וואס הייסט פריי, מען וועט דען מעגען האלטען שענקען, אדער וואהנען אין דערפער? לאכט זיך פאנאנדער איין משכיל און זאגט, אז פריי הייסט אהן א קיסר, און חנן דער עזות פנים ערקלעהרט די פרייהייט אויף זיין שטייגער און זאגט ארויס זיין השערה אז פריי הייסט, אז מען וועט אויפהערען ווארטען אויפ׳ן גביר מיט׳ן דאוונען...

געזאגט געווארען איז עס נאטירליך אין א שפאס, נאר עפעס איצט איז דער שפאס געפעלען געווארען און דער שמש האט זיך אנגערופען:

— איך זאג אייך, ברידער, אז דאס וואלט געווען די גרעס־טע ישועה...

און חאטש דאס איז פון שמש געווען די ערשטע ארויסטרע־טונג קעגען גביר, האט ער זיך גאר ניט געשראקען, אדרבא ער האט באלד א שמעק טאבאק געגעבען און געזאגט ווידער:

— ער זיצט שוין מיר אט־א־דא־א!...

דעם אנדערען שבת, האט מען שוין גערעדט וועגען דער גרויסער דעמאנסטראציע וואס איז געווען, ווי בעלי העגלות דערצעהלען, אין דער גובערניע...

—מען זאגט, אז דער חיל בונטעוועט זיך אויך — האט איין משכיל פון די פאר מיטגעטהיילט...

נאר באלד איז אנגעקומען דער גביר.

— עפעס פריה זענט איהר היינט געקומען, ר׳ חיים מאיר? — האט חנן דער עזות־פנים א פרעג געטהאן, — ערשט ביין אזייגער...

— עס שלאפט זיך עפעס ניט... — האט דער גביר, ווי ברוגזליך, אבער גענוג פיין געענטפערט — בין פריה אויפ־געשטאנען...

— וואס זאגט איהר, וואס עס טהוט זיך אזוינס אין רוס־לאנד? עס קעהרט די וועלט! — האט חנן געוואלט הערען דעם גביר'ס מיינונג.

דער גביר האט מיט שטאלץ א הוסט געטהאן און געענט־פערט:

— וואס זאל איך זאגען? — לייד־אקעס, יונגאטשעס, זיי ווילען איבערמאכען א וועלט...

דא האט שוין דער שמש זיך אריינגעמישט און, אמת, א ביסעל מיט הארץ־קלאפעניש, אבער דאך גענוג קלאר ארויסגע־רעדט:

— מען זאגט, עס זאל ווערען פריי...

דער גביר האט איהם קרום אנגעקוקט און גאר נישט גע־ענטפערט...

---

מעהר רעש האט אנגעמאכט אין בית־מדרש דער אויפשטאנד אויף „פאטיאמקינס שיף“.

— מען זאגט, אז מען גיט קאנסטיטוציע... — האט איינער א זאג געטהאן.

— וואס הייסט מען גיט? — האט דער מלמד, וואס לע־רענט אויפ'ן בייעם שטייגער געענטפערט — מען נעהמט אליין.

— שוין דריי פיערטעל אויף 9! — האט חנן דער תבואה הענדלער פלוצלונג אויסגערופען. — לאז מען זיך שטעלען דאוו־נען אהן איהם.. ווי פיעל איז דער שיעור צו ווארטען אויף איהם?

— ווי איך בין א איד, ער איז נערעכט.

— קאָנסטיטוציע איז קאָנסטיטוציע! — האָט איינער פון די משכּילים אויסגערופען.

— פרייהייט איז פרייהייט! — האָט אַ צווייטער משכּיל אונטערגעהאַלטען.

און חנן דער תּבֿואה־הענדלער האָט זיך געשטעלט ביי'ן עמוד און אויסגעזונגען די ברכות פון פאַרענט און דער עולם האָט מיט אַ באַהאַלטענער שמחה, געמישט מיט נקמה־געפיהל, הויך נאָך יעדער ברכה געענטפערט:

— אמן!

# דער ארעסטירטער קרעמער.

## 1.

פאר וואס מען האט איהם ארעסטירט, האט חיים בשום אופן ניט פערשטאנען. אנהערענדיג זיך א סך מעשיות פון בלבולים, האט איהם, אז ער האט דערזעהען אין האלבער נאכט א פולע שטוב מיט פאליציי, א קלאפ געטהאן גלייך אין קאפ: א בלבול! נאר, אז ער איז עטוואס געקומען צו זיך, און האט זיך דערמאנט, אז היינטיגע צייטען נעהמט מען צו נאר פאר מאדנע חטאים. האט ער גענומען זוכען אין קאפ, וועלכען חטא פון די נייע איז ער בעגאנגען. א גאנצען טאג זיצט ער אין טאבאק־קראם און מישט זיך ניט אין קיין זאך. אפשר האט ער זיך עפעס אויסגערעדט אנטקעגען דער מלוכה? ער וויים אבער זיכער, אז ניט; אז ער האלט גאר פאר דער מלוכה. פערקעהרט, ער האט די „היינטיגע“ פיינט ווי א איד חזיר. אפשר איז ער בייך מנין, וואו ער דאווענט, צו „הנותן תשועה“ ניט אויפגעשטאנען? ער וויים אבער זיכער, אז ביי איהם קען דאס ניט טרעפען. עהדער דער בעל תפלה הויבט נאך אן ארויסצוזינגען דעם „הנותן“, שטעהט ער שוין גלייך אויף. אמת, אין מנין דאווענען נאר אייגענע מענשען. נאר וואס דארף ער זיצען, אז ער קען שטעהן, בפרט אז יעדער מלך האט א שד... היינט פאר וואס? וואס וויל מען פון איהם.

ער האט זיך גענומען פערענטפערן פאר'ן זשאנדארמסקען אפיציער; געוויינט, געבעטען זיך. „איך האב א ווייב, האט ער גע'טענה'ט... איך טהו גאר נישט... איך בין א קרעמער...“ אויך האט ער אליין געהאלפען מאכען דעם „אביסק“ און זעהר ווייך און ערעל דערקלערט וואס עס בעדייט דאס לאנג בעשריעבען־בי־

כעל מיט ציפער און אותיות! „דאָס איז חובות, וואַשע וויסאָקאַ בלאַגאָראָדיע, חובות!"... „אַ ביכעל מיט חובות — ווייטער גאָר נישט". און אַז דער אָפיציער האָט ארויסגענומען אַ פּאַפּיראָס צו פערדרויכערען, האָט ער גענומען זוכען אַ שוועבעלע, אויף גיך אַנגעצונדען און איהם אונטערגעטראָגען. און דער נאָך זיך איינ־געבייגט... עס האָט אבער גאָר נישט געהאָלפען.

— עס קען זיין, עס איז אַ טעות! — האָט דער אָפיציער ענדליך איהם ערקלערט,—אבער ארעסטירען דיך מוז איך...

---

2.

די נאַכט האָט ער איבערגענעכטיגט אין צירקעל. פאַר איהם אין די אויגען האָט מען געבראַכט עפּעס אַ גנב, וועלכען אַ דיקער גאָראָדאָוואָי מיט ווייסע אויגען און סאָרע וואָנסען האָט מיט אכזריות געשלאָגען. חיים האָט דאָס צוגעקוקט און וועלענדיג זיך אונטער'חנפה'נען דער גאָראָדוואָי, האָט ער גע־זאָגט:

— גוט אזוי! ווייטער וועט ער ניט גנבה'נען.

— און דו ווער ביזט? — האָט זיך צו איהם דער גאָראָדאָ־וואָי אַ לאָז געטהאָן, מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט.

— ניין, ניין! — איז חיים אבגעשפּרונגען, — איך זיץ על פּי טעות... על פּי טעות...

— איך וועל דיר ווייזען על פּי טעות! — האָט דער גאָראָ־דאָוואָי איהם געדראָהט, — מ'ש זיך ניט.

חיים האָט זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל און האָט גע־נומען זוכען מיטלען, ווי אזוי אויסגעלייזט צו ווערען פון די גוי'שע הענט.

אין דער פריה האָבען איהם צוויי גאָראָדאָוויעס געפיהרט אין טורמע.

אויפ'ן ווענ האט ער געפּרובט מאכען מיט זיי א שמועס. ער האט געוואוסט, אז העלפען וועט דאס ניט, נאר גלאט געהן און שווייגען פּאסט נים. זיי קענען נאך מיינען, אז ער איז טאקי א פערביסענער יונג... און ער האט ביי איינעם פון זיי א פרעג געטהאן, צי ער איז א געבארענער א היענער...

— געה, געה, ניט גערעדט! — האבען זיך ביידע גאראַ־דאַוויעס אויף איהם ארויפגעוואָרפען – - מיר קענען אייך!...

„נאר קאליע געמאכט!" — האט ער זיך געמוסר'ט אין געדאנק, און האט בעשלאָסען, אז רעדען איז נאך ערגער.

---

3.

אריינגעפיהרט און איבערגעלאָזען האט מען איהם אין א קאמער, וואו עס זיינען געזעסען א גאנצע חברה.

יעדער האט זיך צו איהם געווענדט מיט א פראגע, נאר חיים האט ניט אויסהערענדיג גלייך אָבגעהאקט:

— דאס איז על פּי טעות... מען וועט מיר גלייך ארויס־לאָזען. איך בין ניט פון אייערע...

אויסרעדענדיג דאס, אלס סגולה, אזוי ווי א שפּרוך פאר מזיקים, האט ער אָבגעזוכט א ווינקעל און זיך אוועקגעזעצט.

די פּאָליטישע האבען אויף איהם געקוקט און געשמייכעלט. שפּעטער אבער איז איהם נמאס געוואָרען זיצענדיג און צו איינעם, וואס האט איהם אויסגעוויזען מעהר „געזעצט" ווי די איבריגע, האט ער זיך געווענדט מיט א שאלה: ווי איז דער דין, אז „מען איז דאך ניט מעהר ווי א מענש"!...

יענער האט איהם מיט א שמייכעל דערקלערט דעם דין. חיים האט בעדאנקט און איז ווייטער שטום געוואָרען.

עס איז אבער איהם זעהר אומעטיג געוואָרען און פאר לאנגווייליג האט ער זיך גענומען צוהערען צו די שמועסען.

די שמועסען זיינען איהם געווען פרעמד. אבער פעראינ־טערעסירט האבען זיי איהם מיט זייער נייקייט און דרייסט־קייט. איבערהויפט איז איהם געפעלען ווי אזוי איינער אן אכ־צעהניעהריגער בחור האט דערצעהלט ווי ער האט זיך געהאלטען ביי'ן אביסק.

— אויף קיין פראגע ניט געענטפערט.

— און איהר האט קיין מורא ניט געהאט ? — האט זיך חיים ארויסגעכאפט מיט א פראגע, ערשטוינט פון דעם בחור'ס גבורה.

דער בחור האט א שמייכעל געטהאן און געענטפערט: אזוי־גע ווי איהר האבען מורא...

חיים האט זיך פערשעמט. ער האט זיך דערמאנט, ווי אזוי יער האט געוויינט פאר'ן אפיציער. ווי אזוי ער האט גע'חנפה'ט דעם גאראדאוואי אין צירקעל, און האט אויסגעזעהן ביי זיך אין די אויגען אזוי קליין, אזוי געפאלען.

— וואס מיינט איהר — האט ער זיך גענומען פערענט־פערן — א ווייב, צוויי קינדער... א קראם...

דער יונגער בחור האט זיך פון איהם מיט עקעל אבגע־קעהרט.

ער איז אין אזא לאגע אבגעזעסען עטליכע טעג. אין די עטליכע טעג האט ער א סך ערפאהרען. די מורא פון דער ערש־טער צייט איז אביסעל ביי איהם קלענער געווארען. איהם האט נאר געקרענקט, וואס די חברה ליט ווייכען פון איהם.

— מען מוז זעהן מיט זיי אנהויבען לעבען גוט ! — האט ער בעשלאסען. און האט דעם בעשלום געכשר'ט מיט א פסוק: עם חסיד תתחסד.

— וואס מיינט איהר, ברידער, — האט ער זיך צו די פא־ליטישע געווענדעט, — אז איך זיץ חלילה פאר א גנבה...

— פאר וואס דען ? — האט דער בחור'ל, וואס האט דער־

צעהלט ווי אזוי ער האָט זיך ביי'ן אַביסק געהאַלטען, פאַרשענד געפרעגט.

— נישקשה, מען האָט ביי מיר גענוג געפונען, — האָט זיך חיים בערימהט.

— וואָס האָט מען ביי אייך געפונען? — האָבען אַלע פון קאמער זיך נאָהענט צוגערוקט צו איהם.

— איהר ווילט וויסען — וואָס?... ער האָט זיך פערהאַקט. ניט וויסענדיג וואָס אַזוינס צו זאָגען...

— ברידער, ער איז א שפּיאָן! — האָט איינער דעם צווייטען איינגערוימט אין אויער.

— אַבער א גרויסער שוטה! — האָט א דריטער שוין הויך געמאָלדען.

און פון דעם שמועס אָן איז חיים ווידער געבליבען אַליין, ניט וויסענדיג ווי אזוי זיך צו האַלטען סיי מיט די „חברים“ און סיי מיט נאַטשאַלסטווע....

# א פסח'דיגער טאטע.

יעדער בעל הבית פון שטעדטעל האט זיך געוואונשען צו האבען אזא „שטעלע" ווי מענדיל טאמארקין. ערשטענס איז דאס א בכבוד'יגע שטעלע: א „שאפער" אין א וואלד, צווייטענס, איז זיין בעל הבית ניט קיין אנדערער ווי דער גרויסער בערע ראפאפארט — א איד, וואס פערמאגט איבער א מיליאן, ס'הייסט, מען קען דען וויסען וויפיעל אזא גביר פערמאגט? אז די בעלי בתים פון דעם שטעדטעל זיינען בעזונדערס נוט אויפגעלעגט, ווי למשל אין א יום טוב, קאנען זיי זיך פערגינען און דערלעגען איהם נאך א מיליאן. אט ממש איינס־צוויי, און בערע ראפאפארט פערמעגט שוין צוויי מיליאן. און עס טרעפט אז אן עקשן א בעל הבית שטעלט זיך איין און וויל נישט אנ־דערש, אז בערע ראפאפארט זאל פערמעגען דריי מיליאן.

— איהר וועט ביי מיר נישט אוועקנעהמען! — טענה'ט איינגעשפארט דער עקשן — איך וויים פון א זיכערען ארט, אז בערע ראפאפארט פערמאגט איבער דריי מיליאן.

נאר ניט אין דער עשירות פון בערע ראפאפארט בעשטעהט דאס גליק צו זיין ביי איהם א מענש. בערע סוטינער, למשל, פערמאגט ארום זיעבען־אכט מיליאן און אפשר מיט א סמי־טשיק, און האנדעלט אויך מיט וועלדער און פון דעסטוועגען איז ביי'ן דאזיגען בערע סוטינער צו דיענען דוקא ניט קיין גרויסער יחוס. א מענש האלט זיך ביי איהם ניט מעהר ווי א האלב יאהר, ער איז יעדען אידען חושד אין גנבה... און די שכירות וואס ער צאהלט איז אויך גאר ניט מעשה־גביר...

בערע ראפאפארט אבער איז א איד א בן־תורה און בעהאנ־

דעלט זיינע מענשען ווי חברים. אזוי דערצעהלט מען וועגען איהם. וואס איז שייך צו די שכירות צאהלט ער יעדען איינעם לויט די עהרליכקייט און לויט די קינדער וואס דער „מענש" פערמאגט. אויף יעדע ניי־געבארענע קינד איז בערע ראפאפארט מוסיף א פאאר רובעל די וואך, און אז דעם „מענשען" קומט אויס חתונה צו מאכען א טאכטער, גיט בערע ראפאפארט דעם נדן... אזא קבלה האט ער שוין פון זיין טאטען וואלף ראפאפארט, און וואלף ראפאפארט שטאמט פון דעם גרויסען צדיק ר' משה ראפאפארט...

פון אזוינע שמועסט מען ניט...

און נאך בעסער פון אלע זיינע מענשען בעהאנדעלט ער טאקי מענדיל טאמארקין'ען. ערשטענס, איז מענדיל א גרויסער בעל חשבון, עס איז א סברא, אז ער קען אזש ביז אריבער תשבורת... דערצו איז ער בעהאוועגט אין „חכמת המדידה". מיט'ן אויג מעסט ער אויס וויפיעל „טפחים" א בוים האלט די דיק און וויפיעל די הויך. דערצו איז א סברא, אז מענדיל טאמארקין איז ראפאפארט'ס א שטיקעל קרוב... אויף זיכער ווייס מען ניט, נאר שמועסען שמועסט מען יא...

אנגעקומען צו ראפאפארט'ן אין וואלד איז טאמארקין א יאהר נאך דער חתונה. נאכדעם ווי זיין ווייב זעלדע איז אויפגעשטאנען פון ערשטען קינפעט מיט דעם ערשטען קינד — א מיידעלע... גאנץ שטעדטעל איז דאמאלס געגאנגען חאראראם: א קליינינקייט — אזא שטעלע...

זעלדע אליין איז אפילו די ערשטע צייט ניט געווען בעזאנדערס צופריעדען, דען אויסער וואס מענדיל איז א געראטענער, איז ער טאקי א פארשוין א מאן. זיינע אויגען שווארץ ווי די נאכט, די האר פון פעך און זיין פנים קלאר און קיילעכדיג... אויף די ליפען ליגט שטענדיג א גוטער, זיסער שמייכעלע... עס איז איהר געווען שווער צו שיידען זיך מיט איהם...

אבער מענדיל האָט איהר געשריעבען די ערשטע צייט אזוי־נע שעהנע בריוולעך, אז עס איז שוין כדאי געווען צו ליידען פון דער צושיידונג... מיט׳ן מויל וואָלט ער אזויגס איהר קיינמאָל ניט געזאָגט... אין יעדען בריעף האָט ער איהר געטרייסט, אז אויף פסח קומט ער צופאָהרען. ער וואָלט געקומען פריהער, אויף אַן אנדער יום טוב, אבער דער סוחר ראַפּאָפּאָרט לאָזט איהם ניט אָב... ער איז זיין רעכטע האנד געוואָרען...

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האָט די יונגע זעלדע גע־וואַרט אויף דעם ערשטען יום־טוב.

ענדליך איז געקומען פסח און מיט דעם יום טוב — איהר מאַן מענדיל...

נאָכ׳ן ערשטען שלום־עליכם (צוקושען זיך האָט מען נישט געקאָנט, ווייל א שכנה איז גראַד געווען אין הויז), האָט זעלדע אביסעל שעמעוודיג — וואָס האָט איהר אבער צוגעגעבען מעהר חן — אנגענומען מענדלין פאַר׳ן האנד, איהם צוגעפיהרט צום וויעגעלע וואָס איז געשטאַנען אין ווינקעל פון שלאָף צימער און איהם אנגעוויזען אויפ׳ן יאָהריגען קינד, וואָס איז געלעגען און זיך געשפּיעלט מיט די קליינע, צונויפגעלעגטע פויסטעלאַך.

מענדיל האָט עס אנגעקוקט מיט א ליעבען שמייכעלע, גע־נומען עס אויף די הענד און לאַכענדיג געזאָגט:

— איך דערקען עס גאָר ניט... אוועקפאָהרענדיג איז עס געווען אלט אין גאנצען א כאַנאַט... ווי רופט מען זי... איך האָב שוין פערגעסען...

— גיטעלקע הייסט זי... — האָט די מוטער מיט שטראַה־לענדע אויגען געענטפערט...

— אַה, יאָ, גיטעלקע... נאָך דיין באָבע׳ן, דאכט זיך...

— יאָ, — האָט זעלדע מיט גרויס חן צוגעגעבען.

דער יום טוב איז אוועק איז איילעניש. מענדיל, וועלכער איז געווען א גאנץ גרויסער בעל משפּחה, איז א גאנץ יום טוב געווען פערנומען מיט געהן צו־גאַסט און אויפנעהמען געסט...

זעלדען האָט עס זעהר פערדראָסען, אבער זי האָט ניט געהאַט קיין העזה איהם אָבצוהאַלטען, און אזוי איז מענדיל געווען אַ גאַנץ יום טוב מעהר פאַר לייטען ווי פאַר איהר און פאַר'ן קינד...

מוצאי־יום־טוב האָט זיך שוין מענדיל געפּאַקט אין וועג...

זעלדע איז געשטאַנען מיט אַראָבגעלאָזטע הענד און גע־זיפצט.

— שוין פאַהרסטו אוועק?...

— יאָ, מיין גאָלד... דער סוחר האָט מיר אָנגעזאָגט אַז גלייך נאָך יום טוב זאָל איך צוריק קומען אין וואַלד. עס איז דאָ אַ סך, אַ סך ארבייט...

אין עטליכע מאָנאַט ארום איז זעלדע טראָגענדיג געוואָ־רען...

די שכנות פון גאַס האָבען געקוקט אויף איהר און האָבען געשמייכעלט...

— דער מאַן איז נישטאָ און זי, פונדעסטוועגען...

— וואָס הייסט — האָט בעמערקט אַ צווייטע שכנה — ער איז דאָך יום טוב געווען אין דער היים, געהערט אַ ביסעל?...

זעלדע האָט געוואוסט, אַז מען רעדט וועגען איהר ניט קיין שלעכטס, אַז מענדיל איז יום טוב געווען אין דער היים האָט דאָך דאָס גאַנצע שטעדטיל געוואוסט, פונדעסטוועגען איז איהר „די לאַגע“ געווען ווי אומבעקוועם, און זי האָט זיך געשעהמט צו ווייזען אין גאַס...

געהאָפט האָט זי אבער, אַז ווען זי וועט געלעגען ווערען, וועט ער קומען. עס וועט אפילו אויסקומען פאַר יום טוב, אבער ער וועט מוזען קומען... און טאָמער אַ ברית?...

צום שלים־מזל אבער איז דאָס צווייטע קינד אויך געבאָ־רען געוואָרען אַ מיידעל... זעלדע האָט איהם געלאָזט טעלעג־ראַפירען...

ער האָט געענטפערט צוריק מיט אַ טעלעגראַמע, אַז ער

ווינשט איהר א מזל־טוב און ער האט איהר ארויסגעשיקט געלד.

און נאכדעם האט ער איהר געשריעבען א לאנגען און א הייסען בריעף, און געטרייסט איהר, אז אויף פסח קומט ער צופאהרען.

קומענדיג אויף יום טוב האט מענדיל שוין געטראפען צוויי קינדער.. דאס ערשטע, גיטעלקע, איז שוין ארומגעגאנגען. אז ער האט זי אבער דאס ערשטע מאל גענומען אויף די הענד, האט זיך דאס קינד דערשראקען פאר זיין שווארצען בארד און גרויסע שווארצע אויגען... זי האט ארויסגעלאזט א שרעקליכען געוויין און מענדיל האט זי געמוזט אבלאזען צוריק מיט א זיפץ...

דאס צווייטע קינד איז שוין געווען אלט ביי פינף וואכען... זעלדע האט מענדלען פערזיכערט, אז עס לאכט שוין. מענדיל האט אבער נישט געוואלט גלויבען. ער האט געוואלט עס זעהן מיט זיינע אייגענע אויגען. זעלדע האט דאס קינד געקיצעלט, געשמוטשערט צו איהר אויפ׳ן קינדערשען לשון: אומזיסט אבער, דאס פינף־וואכעדיגע מיידעלע איז געווען שטרענג ערנסט און קיין שום שמייכעל האט זיך ניט בעוויזען אויף איהרע ליפעלעך...

— זי וועט שוין שמייכלען... — האט מענדיל זעלדען געטרייסט...

— נייך, — האט זעלדען באנג געטהאן — עס איז א פערדראסיגע זאך. אט דא ניט לאנג האט זי ביי מיר געשמייכעלט... איצטער דוקא ניט...

—נו, קיין בייז נישט — האט מענדיל זי ווידער בערוהיגט,— איך גלויב דיר...

און ער איז באלד ארויס אין צווייטען צימער.

אזוי האבען זיך געצויגען יאהרען. מענדיל, א דאנק זיין וויכטיגע שטעלע, וואס ער האט פערטראטען אין וואלד ביים

סוחר ראפאפארט, האט מעהר ווי איינמאל אין יאהר א היים נישט געקענט קומען, אויסער דאס איינציגע מאל ווען זעלדע האט געבארען א אינגעלע, נאכדעם ווי זי האט שוין געבארען פיער מיידעלעך...

דאמאלס איז ער געקומען בלויז צום ברית און האט זיך שטארק משמח געווען און איז אבער באלד צוריק אוועקגעפאה־רען.

די איבעריגע קינדער זיינען ביי איהר אבער אלע מיידלעך געבארען געווארען... און צו די מיידעלס געבורט פלעגט מענדיל יוצא זיין מיט א „מזל־טוב“ דורך א טעלעגראמע...

אויף אזא אופן איז אין פערלויף פון צוואנציג יאהר מענ־דיל געוועזען א טאטע פון דרייצעהן קינדער...

בעקומענדיג אן הוספה פון סוחר פאר יעדע ביי־געבארענע קינד, איז מענדיל'ס געהאלט געוואקסען אין די הונדערטער...

— אויב אזוי — האבען די ארימע בעלי בתים געשמועסט צווישען זיך — איז שוין כדאי צו קינדלען... א קלייניגקייט, אז גאר פאר יעדען קינד בעצאהלט מען...

זעלדע איז אבער נישט געווען בעזאנדערס צופריעדען... מענדיל קאן גאר נישט די קינדער... ער איז א יום־טוב'דיגער מאן און א פסח'דיגער טאטע... קומט צו פאהרען אויף יום טוב, און צוקושענדיג זיך פריהער מיט איהר, נאכדעם מיט די קינדער, וואס דאס עלטסטע איז שוין ביי נײנצעהן יאהר, הויבט ער זיך אן צו טומלען אין די נעמען...

— נו, וואס מאכסטו, באסקעלע? — פרעגט ער דאס 12־יעהריגע מיידעלע.

דאס מיידעלע לאזט אראב די אויגעלאך און שווייגט.

— פארוואס־זשע שווייגסטו, באסקעלע? — נעהמט ער זי אן פאר'ן בעקעלע.

— איך בין נישט באסקע — ענטפערט דאס קינד נאך מעהר פערשעמט.

— וואָר־זשע ידען ביזטו? — פרעגט ער צוטומעלט.
— איך בין טעמע... טעמע רופט מען מיך...
— אה, יאָ, איך האָב מיך טאקע טועה געווען... — פער־ענטפערט זיך מענדיל — אזוי, ביזטו טעמעלע, הייסט עס... וואר־זשע איז באסקעלע?

עס לויפט צו א צווייטע מיידעלע, אינגער מיט א יאָהר, און פאַלט צו צום טאַטענס קניע.

— איך בין באַסקעלע... מיך רופט מען באַסקעלע...
— יאָ, יאָ, איך דערמאָהן זיך...

זעלדע שטעהט דערביי און ווישט זיך די אויגען:

— א טאַטע, שטיינס געזאָגט, ווייס נישט אפילו ווי אזוי מען רופט זיינע קינדער...

מענדיל ווערט געריהרט, נעהמט זי אָן גוטמוטיג פאַר'ן האַנד און ענטפערט:

— וואָס־זשע קען מען מאַכען, מיין זעלדעלע... אבי דיין נאָמען ווייס איך.

און דער יום־טוב'דיגער מאַן צוקושט זיך מיט זיין ווייב.

די קינדער קוקען אָן די סצענע פערוואונדערט:

— א פרעמדער איד קושט זייער מאַמע...

און זיי צולויפען זיך פערשעמט אין די ווינקלעך...

# גבירה'שע מצה.

די ווירטהין איז אריין צורודערטערהייט אין „פאדריאד" און האט אנגעזאגט:

— נאך דעם געבעק וועט באקען פייגע חנה!

דער עולם „ווערגערין'ס" זיינען געבליבען ווי צוגעשמידט צו די ברעטער און האבען פאר איבערראשונג א ווארט נישט געקאנט אויסריידען. נאר איין רעדלער האט געהאט דאס מוטה איבערצופרעגען:

— פייגע חנה?!

— יא, פייגע חנה! אין א פאר שעה ארום וועט זי דא זיין!

— אט, וועט זיין א „מתנה"! האט ענדליך איין ווערגע־רין, גרונע די מלמד'קע, אויסגערופען, ווענדענדיג זיך מיט א פרעהליך שיינענדיג פנים צו די איבעריגע ווערגערינס.

— יא, יא! — האבען פיעלע בעשטעטיגט. — א שפאס אזא גבירטע!

און אין „פאדריאד" האט אנגעהויבען צו רודערן. יעדער האט פריהער פארגעזאגט פיעל די גבירה פייגע חנה וועט „צו־טהיילען".

— און איך זאג אייך, — האט בעריל דעם שניידערס ווייב געזאגט,—אז זי וועט ניט געבען מעהר פאר אנדערע בעל־בתים, מען קען זי, אז זי איז ניט קיין גרויסע געבערין.

— אז פריידע זאגט איז פערהאז וואס צו הערען, האט גרונע די מלמד'קע ניט געוואלט איינשטימען — קיין געבערין איז

זי טאַקי ניט, אַבער פּאַרט אַזאַ גבירה, ווי וועט איהר אָנשטעהן צו געבען די וועלגעריגס וויינינגער ווי דריי רובל.

— ממה נפשך, אַז מיר וועלען לעבען וועלען מיר עסען, — האָט דער רעדלער, אַ יונג־בלאָס בחור׳ל, זיך געוויצעלט.

דער זעצער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט פון דעם טור־מעל ביי׳ן אויוועז ערנסט געאַרבייט, גלייך ווי צו איהם וואָלט די גאַנצע זאַך ניט שייך געווען, האָט ענדליך זיך ניט איינגע־האַלטען, ער האָט זיך געווענדעט צו די וועלגער, האַלטענדיג אין האַנד אַ פּאָר טרוקענע מצות:

— פרעהט זיך, פרעהט זיך! — האָט ער גערעדט מיט אַ טאָן, אין וועלכען עס האָט געקלונגען איראָניע און פּעסימיזם — פרעהט זיך, קינדער! איהר וועט דאַנקען גאָט, אַז איהר וועט אַרויס לעבעדיג פון איהרע הענד: זי וועט אייך פערמוטשען! דאָ וועט זי זאָגען, די מצות זיינען צו גרויס, דאָ — צו גראָב, שיטער גערעדעלט, פערברענט...

ער איז אין כעס געוואָרען און האָט זיך אָבגעהאַקט, ווי ער וואָלט שוין ערקונדיגט זיך, אַז אַזוי וועט טאַקי זיין, און צוגעהענדיג צום בלעך און אַרויפכאַפּענדיג אויפ׳ן „זעץ־שטעקען״ אַ פּאָר מצות, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— איך קען זיי!... כאַפּט זיי דער רוח. איך האָב זיי פיינד די רייכע...

ביי׳ן לעצטען וואָרט „רייכע״ האָט ער מיט כונה אויסגע־שפּיגן, ווי אַ פרומער איד צו „עלינו״.

דעם זעצער׳ס בייזער טאָן און די גיפטיגע ווערטער האָבען זעהר ניט גוט געווירקט אויף אַלע אַרבייטער אין „פּאַדריאַד״. דאָס קליין אינגעלע, „דער שיטער״, וועלכער איז געשטאַנען ביים זאַק מעהל אויסגעשמירט ווי אַ רוח, האָט אויסגעשטעלט דערשראָקען זיינע שוואַרצע אויגעלעך און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער בעט זיך ביי׳ן זעצער:

— שרעק מיך נישט, איך האָב מורא!...

נאר איין גרונע די מלמד'קע האט זיך געהאלטען ביי איהר'ס, אז „זי" וועט איבערלאזען א שעהנע מתנה.

זי האט שוין צוגעגרייט, ווי צו רעדען מיט דער גבירה, ווען יענע וועט צו איהר צוגעהן און וועט הייסען זי זאל דינער ווערגערען:

— געזונדערהייט זאלט איהר עסען — וועט זי איהר זאגען, איך וועלגעשר דאך אזוי דין, אזוי דין...

ווינשעווען, קלערט זי, וועט זי אזוי:

— הלואי זאלט איהר איבער א יאהר דערלעבען און „לשנה הבאה בירושלים"...—זאל די גבירה זעהן, אז א וועל־גערין, ווייס אויך ווי צו ווינשעווען אויפ'ן גרויסען שטייגער...

זי וועלגערט און שמייכעלט, ווי זי וואלט א גוטען חלום גע־זעהן... דאס הארץ ציטערט היימליך... דאס הארץ ערווארטעט גרויסע פאנטאסטישע גליקען: פייגע חנה... א גבירה... דריי רובל... אפשר פינף... אויף איהר חלק א גילדען צוויי... זי וועט קויפען א האלב זיידען טיכעל לכבוד פסח!...

---

דער קלומעק וואס פאר דער גבירה'ס איז שוין געענדיגט, באלד וועט מען ברענגען דער גבירה'ס מעהל.

עס איז דריי דער זייגער בייטאג. אין דער צייט ווארפט מען אן דעם אויוועץ אויף דאס ניי מיט האלץ, דאס הייצען געדויערט אנדערהאלבען שעה און דאמאלס געהען די וועלגע־רינס און די איבעריגע ארבייטער פון פאדריאד אהיים עסען, און עס בלייבט נאך צייט אביסעל אבצורוהען זיך, כדי מען זאל קענען ווייטער ארבייטען ביז שפעט אין דער נאכט. איצט אבער, ריכטענדיג זיך אויף דער גבירה'ס מצה, מאכט מען דאס עסען בקיצור און מען קומט גלייך אין פאדריאד צוגרייטען זיך צו דער גבירה'ס מצה.

די בעל־הבית'טע פון "פאדריאד" גיט ארוים א שטרענ־

גען בעפעהל, אז מען זאל „גוט־גוט" (די ווערטער „גוט־גוט" דריקט זי צו) אבשאבען די ברעטער, די קאטשעלקעס, מען זאל גוט צו וואשען די הענד, ריינע פארטיכער אנטהאן און מען זאל ניט ריידען קיין גראבע רעד בשעת פייגע חנה וועט דא זיין און מען זאל קיין ליעדעליך ניט זינגען...

— עס עקט זיך גאר די וועלט! — שפייט אוים דער זעצער, האטש אלע מאל פראטעסטירט ער אליין, אז מען זינגט ליעדער ביי'ן ועלגערען.

— אוראי ניט, — האפט זיך ארוים גרונע די מלמד'קע, ווי אנגעצונדען, — „ער" מיינט, אז חנה פייגע איז אזוי ווי אן אנדערע, אבי ווער...

— און דו, — ווענדעט זיך די בעל־הבית'טע צום רעדלער, ניט ענטפערענדיג דעם זעצער,—זאלסט ניט מאכען קיין „מחזקות" מיט ציפקעלע דער וועלגערין, בשעת זי דערלאנגט דיר צום בלעך א מצה.

— שא, וואס ווילט איהר פון מיר! — שרייט אוים ציפקעלע, א יונג־מיידעל מיט פערנאנדערגעווארפענע שווארצע האר איבער די פלייצעס — שוין גאר צו מיר זיך צוגעטשעפעט!

די בעל־הבית'טע, ווי עס ווייזט אוים, דערשרעקט זיך ניט פאר ציפקעלעס שרייען, זי ווענדט זיך גלייך צו איהר און מוסר'ט איהר:

— עס וואלט ניט שאדען, נישקשה, אז דו וואלסט די האר פערפלעכטען צו דער גבירה'ס מצה, דער רעדלער וועט דיך אזוי אויך האלד האבען...

דערויף וויל שוין דער רעדלער עפעס ענטפערען, נאר די בעל־הבית'טע לאזט זיך איילענדיג צום טהיר, ביי'ן טהיר אבער דערמאנט זי זיך עפעס, זי קעהרט זיך אום צוריק, געהט צו צום אויווען, קריכט אריין מיט א האלבען קאפ אהין און

אַרויסנעהמענדיג דעם קאַפּ צוריק פרעגט זי דעם זעצער צו־טראַגענערהייט:

— זאָגט מיר ר׳ חיים, טרוקענע הערצלעך האָט איהר גענוג?...

— איך האָב, איך האָב! — רעדט אַרויס דער זעצער, ווי מיט גדלות און מיט כעס צוזאַמען.

— זעהט־זשע! — מאַכט איהם די ווירטהין מיט׳ן פינ־גער, און געהט איילענדיג אַרויס. ווייזט אויס, אַז זי האָט נאָך פיעל אַרבייט, וואָס זיינען שייך צו דער גבירה׳ס מצה.

און דער „פּאַדריאַד" העבט זיך אין דער לופטען: מען שאַבט די ברעטער, די קאַטשעלקעס; דער רעדלער „שטעלט אַן" דאָס זיידענע רעדעל, ער קוקט צי האָט זי נישט קיין פּגימה, די מצות זאָלען זיך ניט רייסען. גרונע די מלמד׳קע לויפט אום פערשמייעט און זוכט אַ בעסערע קאַטשעלקע, עס זאָל זיך בעסער וועלגערען. זי בעמערקט ביי פריידע דעם שניידערס אונטער׳ן אָרעם אַזאַ קאַטשעלקע, וועלכע זי דאַרף; זי חנפה׳ט זיך צו איהר און לעגט פּאַר מאַכען אַ חלוף, נאָר יענע דאַנקט איהר זעהר פאַר דער טובה און וויל ניט הערען. דער זעצער קעהרט מיט אַ פערפּלאָנטער־פּנים דעם אויוון, ער האָט מורא עס זאָל ניט זיין צו הייס, ער איז אין כעס און ווייל עס געהט פערביי טרייבט ער מיט קולות:

— שטעהט מיר ניט אויפ׳ן וועג — צום טייוועל געהט מיט „איהר" אין איינעם...

נאָר אָט טראָגט אַריין דער טרעגער דעם נייעם קלומעק מעהל — דער גביר׳טעס מעהל... עס ווערען אַלע שטיל: אויפ׳ן טרעגער קוקט מען מיט דרך ארץ, מען לאָזט איהם ברייט דעם וועג און עס איז איהם פערשפּאַרט צו שרייען, ווי ביי אַנדערע קלומעקעס: היט זיך, לאָזט!... אפילו אויפ׳ן זאַק מעהל קוקט מען מיט דרך ארץ. גרונע די מלמד׳קע געהט צו און וויל מאַכען

אויפ׳ן פינגער א „פראבע טייגעל“ צי קלעפּט זיך דאָס מעהל ניט, נאָר דאָס „שיטעריל“ טרייבט זי.

— געהט, געהט! — שרייט ער מיט גאוה, עס איז ניט אייער דאגה, עס איז דער גביר׳טעס מעהל...

דער קליינער שיטער פיהלט שוין, ווי א גרויסער, וואָס א גביר׳טע בערייט. זיין קליין קעפּעלע, שטעהענדיג ביי׳ן זאק מעהל, ארבייט שוין, פיעל וועט איהם די גבירה איבערלאָזען. פאר איהם איז דאָס איבערלאָזען מעהר וויכטיג ווי פאר אנ׳אנדער ארבייטער אין פאַדריאַד, ווייל קיין שכירות נעהמט ער ניט, זיינע שכירות איז נאָר „דאָס מאכען“. —

— נו, פון מיינטוועגען מעג זי שוין קומען! — שרייט פּלוצים פרעהליך אוים גרונע די מלמד׳קע. זי האָט געפונען א קאטשעלקע ווי זי האָט געוואָלט, פונקט ווי פאר דער גבירה׳ס מצה.

— ווען וועט זי שוין טאקע קומען? — פרעגען אלע אונ־געדולדיג; אלע זיינען שוין פערטיג.

— זי האָט זיך אודאי גאָר פערטעסען! — ברומט דער זעצער אין כעס.

— שא, זי געהט! — זאָגט אָן ציפּקע די וועלגעריו, וועל־כע האָט געקוקט אין פענסטער.

— וואָס רעדסטו?

— חא, חא, חא — צעלאכט זיך באַלד ציפּקעלע, — אָב־גענאַרט!

— חצופה! — זידעלט גרונע די מלמד׳קע — דאָס בלוט איז מיר איינגעפאלען:

— גרונע, וואָס האָט איהר זיך דערשראָקען? — לאכט ציפּקעלע.

— דערשראָקען? א האָר אויך ניט. נאָר צו אזוי שרייט מען. — זי שעמט זיך פאר איהרע אייגענע ווערטער.

— שא, שא! זאָל איך אַזוי געזונד זיין, איצטער גערעט זי טאַקי אויף אַן אמת. — זאָגט אַן א צווייטע וועלנערין.

אלע ווערען שטיל.

עס עפענט זיך די טהיר און עס גערעט אריין די גבירה פיינע חנה, א הויכע דיקע פרוי מיט א שעהן־קיילעכדיגען־פנים, מיט א פּאָר שעהנע נאָר שטרענגע אויגען. אריינגעהענדיג וואַרפט זי א פּאָר שטרענגע בליקען אויף די וועלנער און נאָך דעם זאָגט זי מיט א טאָן פון א גענעראַל, וואָס „זדראַוועט" זיך מיט זיינע סאָלדאַטען:

— גאָט העלף אייך, ווייבער!

— שעהן־דאַנק, שעהן־דאַנק! — ענטפערען צוויי מאָל די וועלנער: איין מאָל — אַן ענטפער אויף איהר וואונש און דאָס צווייטע מאָל — דערפאַר וואָס זי איז א גבירה.

די בעל־הבית'טע לויפט אריין דערשראָקען, וואָס זי האָט ניט אָבגעהיט דאָס קומען פון דער גבירה. זי פערענטפערט זיך פאַר איהר:

— עס איז אַזוי פיעל ארביים, אַזוי פיעל ארביים! א קליי־ניגקייט מען האָט צו טהאָן מיט מצה! זייט מוחל, זייט מוחל!..

די גבירה ענטפערט איהר דערויף ניט, זי גערעט נאָר צום אויוועז א קוק טהאָן.

— דער זעצער פערברענט חאָטש ניט? — פרעגט זי וועגדערנדיג זיך צו דער בעל־הבית'טע, חאָטש דער זעצער שטעהט דערביי. ער פיהלט זיך דערפון בעליידיגט: „וואָס, ביי מיר קען זי ניט פרעגען!" קאָכט אין איהם דאָס הארץ — א גרויסע יחסנ'טע... איהם ווילט זיך זידלען און פאַר כעס וואַרפט ער אריין אין אויוועז א העלצעל.

און די בעל־הבית'טע דערשרעקט זיך פאַר דער גבירה'ס פראַגע און זי צע'טענה'ט זיך:

— וועה צו מיר! וואָס רעדט איהר! זאָלט איהר געזונד זיין, גאָט איז מיט אייך, וואָס הייסט פערברענען, מען פער־

ברענט ביי אונז קיינעמס מצה ניט, בפרט אייערע... עס געהט ארויס מצה ווי אויף דער זון געבאקט!...

— געדענקט־זשע — שמייכעלט די גביר'טע.

— א שאלה א ביסעל: — ענטפערט די בעל־הבית'טע צו־בריעדען פון דער גביר'טעס שמייכעל.

פייגע חנה געהט צו צו די וועלגער, די ווירטהין געהט איהר הינטען נאך און ווינקט עפעס צו א וועלגערין, יענע פערשטעהט ניט, וואס זי מיינט און שרעקט זיך.

— אט — א גולם! — רוימט איהר איין אויפ'ן אויער די בעל־הבית'טע, זעהענדיג, אז מיט'ן וואונק קען זי גאר נישט מאכען — פערשפילע דאס יאקעל!...

דאס באקען הייבט זיך אן.

גרונע די מלמד'קע האט זיך געפלייסט אוועקצושטעלען זיך נעבען דער גבירה'טע, אפשר וועט איהר געראטהען צו פער־באנדרערעדען זיך מיט איהר און אויספערצעהלען פאר איהר איהר ארעם־לעבען, און זי וועט איהר אליין א שעהנערע מתנה איבערלאזען. זי ווארפט אויף דער גבירה אויגען, חנ'ט זיך, קוקט איהר אין פנים און שמייכעלט חנפה'דיג, נאר רעדען עפעס האט זי קיין מוטה ניט, „אז זי וועט אנהייבען רעדען, דאמאלס" קלערט זי און ווארט...

די גבירה זעצט זיך אויף א שטוהל ביי דער „מיירע" און טהיילט די טייגלעך.

טייגלעך גיט זי קליינע, כדי די מצות זאלען דינער זיין. זי קנעט מיט דער קאטשעלקע די „מיירע" און קוקט, צי מאכט מען ניט פון צוויי איינע. איהר דאכט אז יא און זי צעבייזערט זיך:

— ווייבלעך, מיידלעך — מאכט ניט פון צוויי איינע!

— ווער? — דערשרעקען זיך אלע און מען קוקט זיך איבער.

— עס קען זיין, איך האב א טעות געהאט, מיר האט זיך אבגעדאכט, — זאגט די גבירה'טע קאלטבלוטיג.

אויף די וועלגער פאלט אן א שרעק. גרונע די מלמד׳קע האט שוין ניט איין זינען צו רעדען מיט איהר, זי דאנקט גאט, אז „זי“ טשעפּעט איהר ניט, זי סטארעט זיך נאר וואס בעסער צו וועלגערן און אז די מצה געהט ארויס גראטהען הויבט זי איהר אויף אויף דער קאטשעלקע, כדי די גבירה׳טע זאל זעהן, ווי גוט...

נאר — דאנקען גאט — דאס באקען ענדיגט זיך! אלע ארבייטער פון „פּאדריאד“, אויסער׳ן זעצער, ווערען פרעהליכער; אראב אזא בארג — אזא שרעק; די מצות זיינען אויף „חדושים“, ווי די בעל־הבית׳טע פון פּאדריאר דריקט זיך אויס.

— נאר געזונטערהייט צו עסען, — שמייכעלט די בעל־הבית׳טע אונטערטראגענדיג דער גביר׳טע א פּאר מצות.—איהר זעהט ווי עס שפּיגעלט!

די גביר׳טע געהט אליין צו צום בעט וואו מען ווארפט די מצה. זי בעטראכט און עס איז קענטיג, אז זי וויל עפּעס אויסזעצען א חסרון, נאר זי קען לייכט ניט געפינען. און זי איז דערפאר ווי אונצופריעדען, ענטפערט ניט דער בעל־הבית׳טע, ווען יענע לויבט; עדליך ווערט זי ווי פרעהליכער, זי בעמערקט:

— צו שיטער גערעדעלט...

דער רעדלער דערשרעקט זיך און, א בלאסער, גיעט ער איהר, ווי ווייט מעגליך עדעל, צו פערשטעהן, אז געדיכטער רעדלען האט מען שוין ניט געקענט: עס וואלטען זיך די מצות צעריסען.

— אז דו וואלסט ווילען, למשל, וואלסטו געקענט געדיכטער רעדלען.

דער רעדלער איז געבליבען אהן ווערטער, — צי האט איהם פארדראסען, וואס זיין מיה, זיין סטאראניע איז נישט אנגעלעגט, צי ער האט זיך בעליידיגט, וואס זי האט איהם, א צוואנציג־יאהריגען, „דו“ געזאגט — ווער קען עס וויסען?...

דער טרעגער לעגט אריין די מצות פון בעט אין צוויי

גרויסע קוישען, געפלאכטען פון דינע קין. ער לעגט זיי פארזיכ־טיג, זיי זאלען זיך ניט ברעכען, עס געלינגט איהם דאך ניט, די מצות זיינען אזוי געראטהען־טרוקען, אז זיי ברעכען זיך לי־גענדיג שוין אין קויש, פייגע חנה צעשרייט זיך אויף דעם טרעגער:

— גזלן! עס וועט דאך מיר אויף קדוש איין גאנצע מצה ניט בלייבען.

דאס קליין־געבויגען אידעל, דער טרעגער, ווערט קלענער און געבויגענער. ער וויל איהר זאגען, אז ער איז ניט שולדיג, נאר א קוק טהוענדיג אויף איהר, פאלט איהם איין די דמים און שטיל, מיט מעהר פארזיכטיגקייט, לעגט ער איבער...

נאר דאס איבערלעגען איז שוין אויך פארטיג. די צוויי גרויסע קוישען זיינען פול, דער טרעגער שטעהט גרייט צו נעה־מען זיי טראגען, ווי די גבירה וועט נאר פון מויל אויסרעדען.

זי הויבט זיך אן פערנאנדער צאהלען מיט דער ווירטהין.

אלע איבעריגע אין פאדריאד ווארטען. די הערצער קלאַ־פען — פיעל וועט זי לאזען?... אויסער וואס פאר די ארימע איז יעדע קאפיקע נייטהיג, איז זיי אויך אינטערעסאנט צו ווי־סען: ווי פיעל?...

אבצאהלענדיג דער בעל־הבית׳טע, העבט זי אן טהיילען די ארבייטער. זי טהיילט מיט גדלות, כלומר׳שט ניט געצעהלטער־היים. עס ווערט א געווינשעריי ביז׳ן הימעל, עס פליהען מיליא־נען געלד... הונדערטער יאהר לעבען, געזונד, נחת פון קינדער. נאר די ברכה, וואס גרונע די מלמד׳קע האט מכין געווען פריי־הער. „לשנה הבאה בירושלים“, איז ביי איהר אזוי געבליבען; עס איז עפעס ניט אויסגעקומען צו זאגען. עס האט זיך איהר געדאכט, אז עס וואלט געווען, ווי א הוסט אין א קרענק...

— א דאגה מיר — טרייסט זי זיך אין געדאנק — מעהר קיין צער ניט האבען!...

די גבירה געהט ארויס.

— ווי פיעל, ווי פיעל! — קלינגען די פראגען נאך איהר ארויסגאנג.

יעדער חאפט זיך צו בעטראכטען די מטבעות און עס ווערט א געפילדערייז:

— אוי, וואס פאר א חזיר דאס איז — די וועלגערינס האט זי בלויז איין רובל געלאזען — פאר 18 וועלגערינס איין רובל!...

— כדאי געוועזען זיך צו מאטערען אזוי!

— אזוי געדרעקסעלט איהרע מצה!

— א גביר'טע האט מזל!

— וואס האב איך אייך געזאגט — שרייט דער זעצער-מיר האט זי, דער חזיר, א גילדען געלאזען.

— מיר דאס אויך ניט! — קלאגט זיך דער רעדלער — א זילבערנע גריוונע האט זי מיר אריינגערוקט.

— גיעב א קוק, צי ניט קיין גלאטע,—לאכט דער זעצער.

— הערט איהר, קינדער, מישט זיך אריין די בעל־הבית'טע ווי א חברטארין — זי האט ביי מיר דאס ערשטע מאל געבאקט און זאל עס זיין דאס לעצטע מאל. איך פערדיען פון איהר גאר נישט. פאר דער צייט וואס איהרע מצה האט זיך געבאקט, האב איך געקענט צוויי געבעקס אבבאקען, און צאהלען האט זי גע־צאהלט סך־הכל מיט א גילדען טייערער אויפ'ן פוד, און רעד מיט איהר האט זי מיר גליקליך געמאכט!

אין פאדריאד ווערט פרעהליך, דער עולם הויבט אן צו קריטיזירען פייגע חנה'ן — עס שיטען זיך ווערטלעך און וויצ־לעך און די בעל־הבית'טע קוועלט.

— א חכם איז דער זעצער — לויבען אלע — ער האט טאקי פריהער געזאגט.

דעם זעצער טהוט הנאה דער קאמפלימענט — „וואס דען" קלערט ער — „געלד האבען זיי און שכל איז ביי מיר", ער וויל עפעס זאגען, נאר עס האט זיך פלוצים דערהערט א געוויין.

— שא, ווער ווײנט דאָס? — האָבן אַלע זיך פֿער־וואונדערט. מען האָט זיך אומגעקוקט און מען האָט דערזעהן ווי אין אַ ווינקעלע אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּעל אָן וואַנד שטעהט דאָס שיטערעל און ווײנט ביטער, רײבענדיג מיט׳ן האַנד די נאַ־סע אויגען און פֿערשמוצענדיג זיך דאָס פּנים.

— וואָס ווײנסטו, יענקעלע, וואָס איז? — האָבן אַלע זיך צו איהם אַ לאָז געטהאָן.

— מיר... האָט זי... גאָר נישט געלאָזען... — האָט ער קוים אַרויסגעכליפּעט.

— אוי, זאָל נאָך איהר אַ קלאָג פֿאַרגעהן! — האָט זיך גלייך אַרויסגעריסען פֿון יעדערענס מויל.

— ווי זי האָט פֿערגעסען אָן דעם יתום׳ל, אזוי זאָל גאָט אָן איהרע קינדער פֿערגעסען — האָבן אַנדערע געשאָלטען.

די קללות זיינען געווען ערנסטע, הערצליכע; קוקענדיג אויף זיי, ווען זיי האָבן געשאָלטען, האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואָלטען גליקליך געווען, ווען עמיצער וואָלט זיי צוזאָגען, אַז די קללות וועלען מקוים ווערען.

— וואָס ביזטו אַליין ניט צוגעגאַנגען, שוטה! — מוסר׳ט איהם ווייך די בעל־הבית׳טע.

— איך האָב פֿאַר איהר מורא געהאַט! — כליפּעט דאָס יתום׳ל.

— פֿאַר אַלעמען האָט ער ניט קיין מורא, נאָר פֿאַר איהר — שטראָפּט ווייטער די בעל־הבית׳טע. — דו זעהסט אַלעמען גיעט „זי" און דיר ניט, געהסט מען צו און מען זאָגט „זייט מוחל, מיר האָט איהר פֿערגעסען"... ווי דען?...

אין דער צייט ווען די בעל־הבית׳טע האָט גערעדט, איז דער זעצער געשטאַנען און געקוקט מיט אויגען פֿערלאָפֿענע מיט בלוט; ער האָט צוזאַמענגעדריקט די פֿויסטען און געהויבען זיי אין דער לופֿט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט שלאָגען; נאָר אַז דאָס יתום׳ל האָט זיך נאָך דער בעל־הבית׳טעס רעד, שטאַר־

קער צעווײנט, איז ער צו איהם צוגעגאנגען, א גלעט געטהאָן איהם איבער'ן קעפּיל און האָט, בעמיהענדיג זיך צו שמייכלען, געזאָגט:

— ווײן ניט, נאַרעלע! פאר דיר האָט זי ביי מיר איבער־געלאָזען א צעהנעריל, — נאָ!

ביי די ווערטער האָט ער איהם אין הענדטעל אריינגע־רוקט פינף קאָפּיקעס.

די וועלגערינס האָבען זיך צוגעקוקט. גרונע די מלמד'קע האָט געוואָלט שוין קריטיזירען: „אז אָרימאַן איז א בעל צדקה“, נאָר א קוק טהוענדיג אויף'ן יתום'לס פערוויינטען פנים, האָט זיך איהר דער צונג ניט געקערעוועט אויסצורעדען א וואָרט, שטיל נאָר האָט זי א קרעכץ געטהאָן:

— געוואלט, רבונו של עולם! פאר וואָס קומט דאָס זיי?!..

# אָרימע לייט.

אויף די אָרימע לייט, וואָס קומען יעדען טאָג צעהנדליגער נאָך א נדבה, האָט חנן דער תבואה־הענדלער שטענדיג געקוקט, ווי אויף א בעזונדערע אומה, חאָטש אויסער אידישע אָרימע־לייט פלעגען אין זיין שטיבעל קיין אנדערע ניט אריינקומען. זייער גאנצער הילוך, זייער האַלטען זיך, זייערע אַלע פאַסטעמקעס האָבען געטראָגען א חאראקטער פון א פרעמד, ווייט פאָלק. א חדוש נאָר, וואָס רעדען זיי דוקא אידיש...

חנן איז ניט געווען קיין גוטהערציגער, אַלענפאַלס איז עס פון זיינע בענעהמונגען ניט געווען קענטיג. שטענדיג א פערטראָגענער, א בייזער, א צורייצטער פון שלעכטע, ניט־געראָטע־נע מסחרים, פלעגט ער זיצען אין שטיבעל, שוין אפילו אין די רוהיגע מינוטען, ווי א ברוגז'ער אויף וועלט און מענשען. אז עס פלעגט אריינקומען אַן אָרימאַן, פלעגט ער זיך בייז ווענדען צו איינעם פון די הויזיגע:

— גיעב איהם שוין א שטיקעל ברויט און זאָל ער געהן.

און אז דער אָרימאַן פלעגט געהערען צו דער אריסטאָקראַ־טיע, וואָס געהען אַהן טאָרבעס און נעהמען בלויז מזומן, פלעגט ער ווערען אַן אויפגעקאָכטער.

— ער וויל ניט, ווי ער וויל זיך...

און נאָכהער פלעגט ער א צורייצטער מורמלען:

— ברויט איז זיי שלעכט, דוקא א גראָשען!...

אַבוואָרטשענדיג א ווײַלע אויפ'ן אריסטאָקראַטישען אָרי־מאַן, פלעגט גלייך א מסחר־מחשבה פערטרייבען דעם געדאַנק וועגען אָרימאַן און חנן פלעגט פערגעסען דאָס פאַרגעקומענע.

האָבען אָבער די לעצטע יאָהרען חנן'ס מסחרים אַזוי שלעכט אָנגעהויבען צו געהן, אַז צייטענווייז איז איהם אַ שאָד געווען אַן אָרימאַן אַ שטיקעל ברויט צו געבען. און וואונדערליך: דוקא אין די שווערע צייטען האָט ער געפיהלט, אַז יעדער אָרי־מאַן ווערט איהם פּעהענטשר. על כל פנים האָט ער שוין זיכער געגלויבט, אַז די אַלע אָרימע לייט זיינען זיינע ברידער, געהערען צו דער אומה אידען...

און איינמאָל, ווען ביי חנן'ען אין שפּייכלער איז קיין קערענדעל תבואה ניט געווען, אין שטוב קיין גראָשען געלד ניט און נאָר אַ האַלבער לאַבען שוואַרץ ברויט איז געלעגען אויפ'ן נאַקעטען טיש, ווי אַ בייזער עדות אויף דעם ווילדען דלות, איז אריין אַן אָרימאַן, זיך געשטעלט ביים טהיר און מיט אַ געבראָ־כענעם קול, שטיל און ווי שעמעוודיג אויסגעברומט:

— קאָנט איהר עפּעס שענקען?

אַזאַ מין ווענדען זיך פון אַן אָרימאַן איז איהם געווען מאָד־נע אומבעקאַנט, און די דאָזיגע נייע שאלה האָט איהם עפּעס ווי געשראָקען און מיט געפאַלענקייט האָט ער געענטפערט:

— אַ שטיקעל ברויט, ר' איד, אויב איהר ווילט.

— אַ שטיקעל ברויט איז אויך גוט... — האָט דער אָרימאַן שוין דרייסטער געענטפערט.

חנן האָט איהם אַליין אָבגעשניטען אַ שטיק ברויט, בע־טראַכט אין האַנד די וואָג און האָט משער געווען, אַז עס וועט זיין אודאי אַ האַלב פונט. צופריעדען האָט ער עס דערלאַנגט דעם אָרימאַן צום טהיר און עס איז געווען קענטיג, אַז דער אָרימאַן וויל עפּעס רעדען. חנן האָט אָבער פאַר אַ שמועס מורא געהאַט, ניט ווויסענדיג אַליין פאַרוואָס און האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם...

פון דעם טאָג אָן האָט זיך חנן שטאַרק גענומען אינטערע־סירען מיט אָרימע לייט און פלעגט פון צייט צו צייט אַ מורמעל טהאָן, ווי פאַר זיך.

— יעדער איד איז ניט בעווארענט פון געהן איבער די הייזער...

נאך דעם דאזיגען געדאנק פלעגט ער זיס זיך צוזיפצען און עס האט אויסגעוויזען, אז אין עצם איז דאס ניט אזוי שרעק־ליך...

און וואס טהוט מאקי א איד — האט זיך איינמאל חנן פערטראכט — אז די געשעפטען געהען אוועק אין דר'ערד און עס איז ניטא פון וואנען צו לעבען?... טא וואס טהוט מען?

„מען געהט א־בער די הייזער!" — האט איהם ווי א קלונג געטהאן אין די אויערען.

גראד האט זיך געעפענט די טהיר און עס איז אריינגעקו־מען אן ארימאן, א איד פון א יאהר זעכציג. חנן האט איהם געגוי בעטראכט און ער האט בעמערקט, אז דער ארימאן טראגט פונקט אזא קאפאטע, ווי זיינע... איין קאליער און איין שניט... ער האט א שוידער געטהאן.

צו דעם דאזיגען ארימאן האט איהם עפעס א ציה גע־טהאן; קיין ברויט וועט ער איהם ניט געבען: ער וויל איהם ניט מבזה זיין: ער טראגט אזא קאפאטע, ווי זיינע... ער וועט איהם געבען א גראשען, וועלכער ליעגט גראד אויפ'ן קוימען, א רעשט פון נעכטיגע „הליאק", וואס מען האט געקויפט אויף וועטשערע.

אבגעגעבען דעם גראשען מיט א ציטערדיגער האנד, האט ער זיך געווענדעט מיט א שאלה:

— עפעס א ווייטער איד?...

דער ארימאן איז פון דער שאלה ווי געהויבענער געווארען, ער האט זיך אויסגעגלייכט, בנעימות א זיפץ געטהאן און גע־ענטפערט:

—א קאוונער...

— א קאוונער? — האט זיך חנן מאדנע פערחידושט— עפעס גאר ניט ווייט...

— צו־פוס געהן איז גאנץ ווייט... — האט דער ארימאן געענטפערט מיט א ווייכען שמייכעלע...

חנן האט איהם ווידער בעקוקט, געפונען, אז די קאפאטע איז פונקט ווי זיינע, נאר די קנעפלעך זיינען אביסעל גרעסערע ווי ביי איהם... האט ער א הוסט געטהאן און ווייטער געפרעגט:

— שוין לאנג, אז איהר זענט אין אזא מעמד?...

— שוין שעהנע עטליכע יאהר... — האט דער ארימאן געענטפערט און אין זיין ענטפער האט געקלונגען א מין שטאלץ...

— איהר האט א ווייב און קינדער? — האט חנן ווייטער געפרעגט:

— עס איז דא א ווייב און קינדערלעך, זאלען געזונד זיין און מען ווארט אויפ'ן שפייזער...

— וואס זענט איהר אמאל געווען?

„ער וועט געוויס ענטפערען א תבואה־הענדלער" — האט זיך חנן געשראקען.

און ניט אומזיסט, דער ארימאן האט ווידער מיט שטאלץ געענטפערט:

— געהאנדעלט מיט תבואה... געווען א סוחר...

איצט האט שוין חנן געוואוסט דעם גאנצען סוד, די צוקונפט האט איהם ערשיינט אהן א שלייער און ער איז ווי רוהיגער געווארען...

# צוויי שוועסטער.

צו דער ארימער חיענען פלעגט די רייכע שוועסטער, זעל־דע, זעלטען קומען; דערפאר אבער, אז זי פלעגט שוין אמאל קומען, איז ביי דער ארעמער חיענען אין שטוב קענטיג געוואָרען: די רייכע שוועסטער האָט שטענדיג עפּעס א מתנה געבראכט, אמאל א שטיקעל סיץ אויף א קליידעל, א מאל א פּאָר אבגעטראָגענע שיך פאר די קינדער, א מאָל אן עסענווארג און א מאָל א מזומן קערבעל.

אז זעלדע פלעגט קומען, פלעגט די ארעמע חיענע פון אנ־פאנגס צוטומעלט ווערען. אויף איהר געזיכט פלעגט זיך אויסגי־סען א פרייד און א שרעק צוזאמען, און די אויגען, די טיעפע איינגעגראָבענע אויגען, האָבען דאכט זיך געלאכט און געוויינט צוזאמען...

— ס'א בזיונות א ביסעל! — פלעגט חיענע קוים צו זיך קומען — איך זעה אויס, ווי דער שווארץ־יאָהר!

און חיענע פלעגט אראָברוקען נידעריגער דאָס טיכעל אויפ'ן שטערן און א וויש טהאָן מיט די הענד דאָס פּנים און פלעגט בלייבען שטעהן אהן ווערטער.

— פאר וואָס בעטסטו ניט זיצען?... — פלעגט שוין די שוועסטער חיענען פון פערלעגענהייט וועלען ארויסנעהמען...

— ווייס איך... פלעגט חיענע פערשולדיגט ענטפערן, ווארפענדיג א בליק איבער'ן שטיבעל — עס איז ברוך השם ניטאָ וואו — א הקדש...

— ניין! ניין! — פלעגט זעלדע ענטפערן — איך האָב

קיין צייט ניט, איך וועל באלד געהן. וואָס מאכסטו עפּעס, חיענע?...

— מען מוטשעט זיך.. וואָס זאָל מען מאכען. „ער“ זיצט א גאנצען טאָג אין שטוב און גיט ניט א קלאפּ א פינגער אָן א פינגער...

דער מאן פלעגט כעס'דיג א ברום טהאָן און גאָר ניט ענטפערען, און חיענע, קומענדיג שוין צו זיך, פלעגט אָנהויבען רעדען און רעדען, קלאָגען זיך און קלאָגען זיך, און זעלדע, די רייכע שוועסטער, פלעגט שטעהן און אויסהערען אויפמערקזאם אלע טענות, דרעהענדיג די פרענז פון איהר מאנטעל...

— נו, איך דארף שוין געהן! — פלעגט ענדליך זעלדען נמאס ווערען אויסהערען חיענעס מעשיות — נא, דאָס וועסטו האָבען פאר די קינדער אויף א פּאָר העמדלעך... טייערע פרען...

— וואָס? איך זאָל דיר דאנקען? — פלעגט חיענע גערירט ווערען, צונעהמענדיג די מתנה — איך זאָג דאָך, פריהער גאָט, דערנאָך דו... עס איז ברוך השם...

ביי חיענען פלעגען זיך שטעלען טרערען אין די אויגען, צי פאר פרייד פון דער מתנה, צי פאר צער, וואָס זי דארף נעהמען... אזעלכע זאכען איז שווער צו וויסען... און זי פלעגט ניט וויסען מיט וואָס צו ענדיגען.

— פאַרט א שוועסטער — זי פערגעסט ניט! — פלעגט חיענע נאָך זעלדע'ס אוועקגאנג זיך ווענדען צו די הויזיגע.

— א גרויל גאָר! — פלעגט דער „מאן“ וועלוועל ניט זיין צופריעדען — וויפיעל מיינסטו איז דאָס ווערטה? ביי לייטען רייכע שוועסטער...

— ביי לייטען, ביי לייטען! — פלעגט חיענע איבערקריימען איהר מאן — דו האָסט ווען געזעהן „לייטען“, קבצן איינער?... דו דארפסט דאָך נעמען א טאָרבע און געהן איבער די הייזער...

— שא, שריי ניט אזוי — פלעגט וועלוועל אראָבפאלען

ביי זיך — וואס האב איך דיר אזוי געזאגט... איך מיין גאר ניט...

— אזוי, מיינסטו גאר ניט! — פלעגט חיענע זיך צוהי־צען — איך קאן דיך, איך ווייס, דו וואלסט וועלען, אז זי זאל דיר וואס זי האט אוועקגעגעבען, דו זאלסט קענען א גאנצען טאג שלאפען...

און חיענע פלעגט נאך דעם א שעה נאכאנאנד רעדען וועגען דער רייכער שוועסטער און דערצעהלען, אז זי איז אלע מאל א גוטע געווען; בשעת זיי זיינען נאך מיידלעך געווען אוןביידע געהאדעוועט זיך ביים ארעמען טאטען, פלעגט זי איהר אויך, וואס זי האט נאר געהאט, אוועקגעבען...

— דערפאר האט איהר טאקי גאט געהאלפען! — פלעגט זי אויסלאזען מיט א פרומען זיפץ, — גאט זאל איהר געבען צעהן מאל אזוי פיעל — זי איז דאס ווערטה....

און חיענע, וועלכער האט זיך שטענדיג געדאכט, אז זי איז זעהר פיעל שולדיג דער שוועסטער פאר די פיעלע מתנות, וואס זי גיט איהר איבער, פלעגט חאטש צאהלען מיט ברכות אונטער די אויגען, ווי זי וואלט וועלען גרינגער מאכען די שווערע משא, וואס לעגט זיך ביי איהר אויפ'ן הארצען נאך יעדער בעקומענער מתנה...

דאך וואלטען די ברכות אליין ניט געווען אין שטאנד צו פערגרינגערן חיענעס הארץ. משטיינס געזאגט, וואס פאר א ווערטה האבען איהרע ברכות? איהר מויל איז ניט אזא גע־בענשטער: א גאנצען טאג שעלט זי העם מאן, די קינדער און זיך אליין — און ווער ווייסט צי איז גאר איהר מויל מסוגל צו א ברכה?

פערגרינגערן איהר משא פון די בעקומענדע מתנה איז בעשטאנען אין אן אנדער זאך גאר. די ארעמע חיענע, וואס האט ערנעהרט כמעט אליין דאס גאנצע געזינד, דערמיט, וואס זי פלעגט האנדלען מיט גאסיגע „פויערטעס", איז אויך אין

שטאַנד געווען עפּעס צו שענקען איין מאָל אין יאָהר דער רייכער שוועסטער. עס איז געווען א מתנה אפשר ניט אזא טייערע, אָבער זעהר אַן אַנגעלעגטע.

די מתנה פלעגט זי איהר שיקען איין מאָל אין יאָהר — אסתר תענית — מאַהן אויף המנ'טאַשען.

חיענע האָט געהאט אין גאַס א פּויערטע, מיט וועלכער זי האָט זעהר גוט געלעבט. און די פּויערטע, אנדזשע, פלעגט איהר אַלע אַסיען שענקען א האלבען טאָפּ מאָן.

חיענע פלעגט דאָס מאַהן בעהאַלטען ווייט, ווייט אויפ'ן בוידעם, כדי די קינדערלעך, וואָס האָבען מאַהן זעהר ליעב, זאָלען דערפון ניט דערשמעקען. און מיט א קלאַפּענדיגען הארצען פלעגט זי ארויפקריכענדיג א מאָל אויפ'ן בוידעם, קוקען אויפ'ן זעקעלע מאַהן און טראַכטען:

— אסתר תענית!...

מעהר איז זי ניט אין שטאַנד געווען צו פאַרשטעלען זיך, דער געדאַנק פלעגט איהר ווי פערשכור'ען און נאָר שטראַהלענדיג פלעגט זי אויסרעדען הויך:

— אסתר תענית!...

און אסתר תענית אין דער פריה פלעגט זי לאָזען אַלע ארבייט, ארויפקריכען אויפ'ן בוידעם, מיט ציטערנדע הענד אַראָפּנעמען דאָס זעקעלע מאַהן און מיט אן ערנסט בעזאָרגט פּנים פלעגט זי זיך אַנהויבען עסק'ן מיט די מאַהן...

— אי, מאַהן, מאַהן! — פלעגען די קליינע קינדער זיך ענזינגען און אוועקשטעלען זיך ביי'ם טיש מיט דאָרשטיגע אויגעלעך.

— אוועקט, אוועקט! — פלעגט חיענע פאַרזיכטיג זיי אוועקטרייבען. דאָס איז פאַר דער מומע זעלדען — טשעפּעט ניט.

דערהערענדיג: „פאַר דער מומע זעלדען“, פלעגען די קינדער זיך איבערקוקען און אָפּטרעטען אויף א פאָר טריט צוריק.

בלויז דאָס יונגסטע, דאָר אינגעלע מיט גרויסע שוואַרצע'אויגעלעך פלעגט זיך בעטען:

— מאַמע, וועל ניט נעמען, וועל נאָר קוקען... מיינע נאַמנות... קוקען...

— נו, קוק, קוק! — פלעגט די מאַמע ווייכער ווערען...

דערזעהענדיג, אַז די מאַמע איז מתיר צו קוקען, פלעגען זיך אַלע קינדער אַ שאָט טהאָן צוריק צום טיש און בעטראַכטען די מאַהן מיט גרוים חדוש און דרך ארץ...

און חיענע פלעגט אַנהויבען מעסטען און מעסטען. איהר נעקנייטשטער שטערן פלעגט נעקנייטשטער ווערען, די טיעפע איינגעגראָבענע אויגען פלעגען נערוועז אומלויפען. זי האָט ניט געקאָנט בעשטימען, פיעל זאָל זי לאָזען פאַר זיך אַליין: אַ האַלבע קוואָרט, צי אַ קוואַרטירעל...

— וואָס זאָגסטו, וועלוועל, עס איז ניט מיאוס צו שיקען איהר נאָר אַנדערהאַלבען קוואָרט?

— וואָס פרעגסטו מיר? — פלעגט וועלוועל זיך בלאָזען — עס איז דאָך דיין שוועסטער, ווייסטו דאָך בעסער פאַר מיר...

וועלוועל האָט שוואַרצען מאָהן ליעבער געהאַט פאַר אַלע גוטע זאַכען, ליעבער געהאַט אפילו ווי מעהרען־צימעס... און הלואי וואָלט ער נאָך כאָטש אַ ביסעלע פערדיענט, וואָלט ער געהייסען שיקען „איהר" אַ קוואָרט און פאַר זיך אַ קוואָרט. נאָר וואָס העלפט דאָס ליעב האָבען? אַז אָרעמאַן טאָר גאָר נישט ליעב האָבען...

און חיענע פלעגט נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת לאָזען זיך אַליין נאָר אַ קוואַרטירעל און דאָס איבריגע פלעגט זי פערבינדען פאַר זעלדען...

שווער איז דאָס צוגעגאַנגען מיט'ן אָוועקטראָגען. אייגענטליך, וואָלט חיענע זיך מחיה געווען, ווען זי וואָלט געקאָנט אַליין אָוועקטראָגען, ווען זי וואָלט זיך ניט געשעמט... נאָר חיענע האָט

בשום אופן זיך ניט געקאנט פארשטעלען, ווי אזוי וועט זי דאס אריין און זאגען: איך האב דיר געבראכט א מתנה... ניין, זי וועט עס ניט קענען אויסרעהען... זי וועט זיך צעטומלען און עס וועט זיין א חרפה פאר'ן שוואגער...

און חיענע ווענדעט זיך צו די קינדער.

— נו, ווער וויל אוועקטראגען דער מוהמען זעלדען די מאהן?

— איך! — פלעגט איין קינד א שפרונג טהאן.

— איך! — פלעגט א צווייטעס איבערשרייען דאס ערשטע.

— איך! — פלעגט א דריטעס זיך איינשפארען...

נאר חיענע פלעגט יעדעס קינד בעטראכטען און געפינען חסרונות.

— ביי דיר איז צוריסענע הויזלעך. עס זעהט זיך דאס הויזלע העמד... מיאוס פאר'ן פעטער...

— ביי דיר איז א צעריסען קליידעלע...

— דו, חאצקעל, געהסט אפילו ניט שלעכט אנגעטהאן, ערסט פאר אכטאגען א פאר לאטקעלעך געלעגט... איך האב אבער מורא, דו קאנסט אויפ'ן וועג אויפעסען... ביזט א נאשער. געדענקסט, ווי דו האסט זומער אויסגעזופט א האלבע גלאז זויער־מילך....

און חאצקעלע, א יונגעלע פון צוועלף יאהר, הויבט זיך אן שווערען מיט אלערליי שבועות, מיט עולם הבא, מיט די ציצית, אז ער וועט אויפ'ן זעקעלע אפילו ניט קוקען, ניט נאר ניט עסען. אי די האלבע גלאז זויער־מילך, האט ער געמיינט, אז דאס האט מען איהם געלאזען אויף אנבייסען...

און חיענע שיקט די מאהן מיט חאצקעלען. זי קוקט איהם גוט ארום, פערשפילעוועט איהם די קנעפלעך. שנייצט איהם אויס דאס נעזעל און הויבט איהם אן עקזאמינירען:

— וואס ועסטו זאגען?

— איך וועל זאגען — הויבט אן חאצקעלע—און די אוינגע־

לעך גלאנצען — איך וועל זאגען: די מאמע האט אייך געשיקט שלח־מנות...

— משוגע׳נער, — דערשרעקט זיך די ארעמע מוטער — און די איבעריגע קינדער צעלאכען זיך — משוגע׳נער, וואס איז היינט פאר א שלח־מנות?... מ א ר ג ע ן איז דאך שלח־מנות.

— איך וועל זאגען: די מאמע האט אייך געשיקט מאהן אויף המן־טאשען...

—א, אזוי, אזוי,—ווערט חיענע צופריעדען... דו וועסט פריהער זאגען: גוט מארגען! שעהן, הויך: גוט מארגען!...

— גוט מארגען! — שרייט אוים חאצקעלע — און אלע קינדער לאכען זיך פענאנדער — די מאמע האט אייך געשיקט א מתנה מאהן אויף המן־טאשען...

— גוט! גוט! — קוועלט אן חיענע ביי דעם ווארט מתנה — חאצקעלע איז טאקי א קלוגער...

און חאצקעלע לויפט ארוים מיט׳ן זעקעל מאהן. אין שטי־בעל ווערט שטיל. אלע ווארטען אויף עפעס א גרויסע זאך. אלע־מען דאכט זיך, אז חאצקעלע וועט קומען צוריק און וועט עפעס ברייננגען אזא זאך, וואס איז טייערער פאר אלץ. נאך וואס דאס גאנצע פינסטערע ארעמע שטיבעל קאן ליכטיג און רייך ווערען...

נאר מעהר אנגעשטרענגט ווארט חיענע אליין. עס איז דאך איהרע מאהן און איהר שוועסטער... וואס וועט זי זאגען?... פאר וואס זוימט ער זיך אזוי לאנג?... דאס הארץ שפרינגט איהר שיער ניט ארוים....

— שא, ער לויפט שוין צוריק! — זאגט אן א קינד, וואס קוקט די גאנצע צייט אין פענסטער.

און חאצקעלע לויפט אריין א פרעהליכער אין שטוב...

— נו? — שטעלט אוים חיענע אויף איהם איהרע אויגען.

— איך בין אריין...

— דער פעטער געוועזן אין דער היים? — שלאָגט חיענע איבער.

— ניין! — האַקט חאַצקעלע אָב פרעהליך.

חיענע גיט א זיפץ און טרייבט ווייטער: נו, דערצעהל.

— איך בין אריין, פרעגט מיך די דיענסט: ווע{ן} מען דארפס־טו, איננעלע? זאָג איך: איך דארף די מוהמע זעלדען...

— גוט געזאָגט! — שיינען חיענע'ס אויגען פאר גליק, וואָס איהר אָרעם איננעל איז אזא יחסן...

— די מוהמע זעלדע איז ארויס—דערצעהלט חאַצקעלע ווייטער—באלד וועט זי אריין, זאָגט די דיענסט—וואָרט. און באלד איז אריין די מוהמע. „גוט מאָרגען!" האָב איך געזאָגט.

— הויך? — פרעגט חיענע.

— הויך, אויפ'ן קול, זאָל איך אזוי געזונד זיין. — שווערט חאַצקעלע — גוט מאָרגען — די מאמע האָט אייך געשיקט מאָהן אויף המן־טאַשען...

— פאר וואָס האָסטו ניט געזאָגט: א מתנה?... — פרעגט די מאמע, ווי בעליידיגט...

— אוי, איך האָב זיך פערגעסען... אוי — אוי! — האָט חאַצקעלע חרטה און קראַצט זיך אין פאה.

— נאַרישע אידענע!—ברומט וועלוועל—עס פערשטעהט זיך, אז דאָס איז א מתנה, ממילא. וואָס דארף מען נאָך אויסרע־דען. אוראי אז דו שיקסט איהר מאָהן איז דאָס א מתנה... „זי" פערשטעהט דען ניט?...

און חיענע גיט אין הארצען וועלוועלען גערעכט און א בערו־היגטע פרעגט זי ווייטער:

— נו, נו! וואָס האָט זי געזאָגט?

— זי האָט צוגענומען און עפּעס געשמייכעלט...

— עס האָט איהר הנאה געטהאָן! — קוועלט חיענע...

— און האָט אריינגעשאָטען אין א גרויסער זילבערנער שיסעל און געזאָגט: טייערע מאָהן...

— שייך טייערע...—בעגייסטערט זיך חיענע — גאָלד! היינטיגעס יאָהר איז גאָר ניט צו קריגען אזא מאָהן...

— בעדאנק דער מאמען! האָט זי געזאָגט, דערצעהלט ווייטער האַצקעלע, און זאָגט איהר, אז איך בעט איהר, זי זאָל קומען מאָרגען צו דער סעודה...

—א שוועסטער איז א שוועסטער! — זיפצט צופריעדען חיענע, קעהרט זיך אום צום פענסטער און ווישט די אויגען פאַר פרייד...

* * *

אזוי האָט זיך עס פיעלע יאָהרען געצויגען. דאָס זעקעלע שווארצע מאָהן האָט חיענע'ן געמוטיגט. נעגעבען שטאָלץ: זי, די אָרימע, דערשלאָגענע פרוי, איז אויך אין שטאַנד צו שענקען, און וועמען? איהר רייכער שוועסטער... פאַר די אַפּטע מתנות, וואָס זי נעהמט פון איהר, קעהרט זי איהר אום כאָטש איין מאָל אין יאָהר א מתנה...

און חיענע איז גליקליך דערמיט געוועזן.

נאָר די אָרימע פרוי האָט דאָס גליק פּלוצים פערלאָרען און זי האָט דערפיהלט, אז איהר וועלט איז שוין פערשפּיעלט, זי האָט שוין ניט אויף וואָס צו האָפען — איהר שוועסטער, וואָס לעבט און איז רייך, איז פאַר איהר אָבגעשטאָרבען.

עס איז געוועזן אסתר תענית. די אָרימע חיענע האָט, ווי אלע מאָל, מיט א קלאַפּענדען הארצען פאַר פרייד, דאָס זעקעלע שווארצע מאָהן אראָבגענומען פון בוידעם, געמאָסטען און געמאָסטען, געקלערט און געקלערט, וויפיעל זאָל זי פאַר זיך לאָזען: א האלבע קווארט, צי א קווארטירעל און קוים מיט דער הילף פון די צעהנדליגער קנייטשען אויפ'ן שטערן, האָט זי בעשלאָסען, ווי אלע יאָהר, אז פאַר זיך וועט זיין גענוג א קווארטירעל — און האָט עס אוועקגעשיקט מיט ברוך'קען. וויי?

חאצקעל איז גראד דאס יאהר געגאנגען אהן שטיוועלעך און ברוך'קען האט אבגעגאלטען: די אלטע שטיוועלעך, וואס די מוה־מע האט געשאנקען, זיינען פונקט געווען אויף זיין „פוס".

מיט א קלאפענדען הארץ, ווי אלע יאהר און נאך מעהר ווי אלע יאהר, ווייל חיענע האלט שטארק, אז א הארץ „זאגט"— האט זי ערוואַרטעט זיין קומען, וואס פאר א בשורה וועט ער ברענגען, וואס האט די שוועסטער געזאגט?...

און אט איז אריין ברוך מיט'ן זעקעל מאהן צוריק... א דערשלאגענער, פערשעמטער, האט ער זיך אוועקגעשטעלט און ניט געקאנט א ווארט אויסרעדען...

— וואס ביסטו ניט געגאנגען? — האט חיענע בייז גע־פרעגט.

— איך בין שוין געווען... — האט ברוך'קע קוים געענט־פערט.

— ניטא זי אין דער היים? — האט חיענע ווייטער גע־פרעגט...

— אין דער היים איז זי...

— נו?... — האט חיענע אויסגעשטעלט די אויגען...

— זי זאגט, אז זי האט שוין!

— וואס, ביזטו משוגע? רעד! — איז חיענע ווי צומישט צוגעגאנגען נאהענט צו איהם און אנגעהויבען איהם צו טרייס־לען...

— וואס ווילסטו? — האט זיך דאס אינגעל פאנאנדערגע־וויינט — וואס בין איך שולדיג, אז „זי" האט שוין?...

— פון וואנען? וואס? וועה איז מיר! וואס טהוט זיך דא היינט מיט מיר? פון וואנען האט זי?...

— איך בין אריין — דערצעהלט ברוך'קע פערוויינט — זאג איך: די מאמע האט אייך געשיקט מאהן... זאגט זי: איך האב שוין... איך האב גאר פערגעסען, דאס די מאמע שיקט מיר אלע יאהר. איך האב נעכטען געקויפט ביי זלאטע דער אלמנה

א גאנצען האלבען טאָפּ פאר א האלבען רובעל... נעהם עס צוריק, דער מאמען וועט עס צונויץ קומען... — האָט די מוהמע געזאָגט.

— זי האָט שוין ! — האָט חיענע אויסגעשריגען.

און אין שטיבעל איז שטיל געוואָרען, ווי עמיצער וואָלט עפּעס אָנגעזאָגט זעהר א טרויעריגע בשורה, וואָס רויבט אוועק די לעצטע האָפנונג, וואָס לעשט אויס יעדען שטראהל...

און א גאנצען פּורים האָט דאָס שטיבעלע געטרויערט, ווי מען וואָלט דאָ „שבעה" געזעסען, ווי מען וואָלט א געשטאָרבע־נעם בעוויינט.

געשטאָרבען איז פאר חיענע'ן די רייבע שוועסטער...

# רייזעלע.

## 1.

אז דאָס אכט־יעהריגע רייזעלע שטעהט אויף אין דער־פריה, רייבט זי אויס די פערשלאָפענע אייגעלעך, קוקט זיך אום אין אַלע פיער ווינקעלעך פון דעם קליינעם שטיבעלע און זוכט עפּעס.

זי זוכט די מאמען. נאָר די מאמע איז שוין לאנג אוועקגע־גאנגען אין מארק מיט'ן קויש עפּעל און רייזעלע זיפצט אָב:

— אזוי גיך איז זי שוין אוועקגעגאנגען!

פויל טהוט זי אָן דאָס אלט צוריסען קליידעלע, וואשט זיך און געפינט עפּעס א שמאטע, עהנליך צו א האנטוך און ווישט זיך אָב. דעמאָלט ווערט איהר קלאָרער דאָס מוח'ל, זי דערמאָנט זיך, אז היינט איז דינסטאג, נאָכדעם דערמאָנט זי זיך, אז די מאמע האָט א גאנצע נאכט געהוסט, געפּאָכט מיט דער נשמה. זי האָט איהר דערלאנגט קאלט וואסער מיט א שטיקעל צוקער, נאָר עס האָט ניט געהאָלפען... די מאמע האָט אויף איהר עפּעס אזוי מאָדנע געקוקט... „רייזעלע האָט זי גע־זאָגט, דו האסט אויף מיר רחמנות?“ זי האָט ניט געענטפערט, זי האָט זיך נאָר פונאנדער געוויינט און איז אוועקגעלאָפען אין א ווינקעלע, שטארקער אויסוויינען זיך. מעהר געדענקט זי ניט. זי ווייסט נאָר, אז איהר האָט זיך א גאנצע נאכט גע'חלומט.

— זי איז שוין געזונד — טרייסט זיך רייזעלע — אזוי וואָלט זי דאָך אין מארק ניט געגאנגען.

זי געהט צו צו'ם טיש און געפינט דאָרט גרייט פאר איהר „אָנבייסען“ — א שטיקעל ברויט, און אביסעל מילך אין א צובראָכענעם גלאָז.

אז זי עסט אב דאָס אָנבייסען ווערט איהר אומעטיג. זי בעט גאָט, עס זאָל פינסטערליך ווערען און די מאמע זאָל שוין קומען. זומער קען זי זיך נישט איינהאַלטען און לויפט אין מארק זעהן, וואָס מאכט דאָרט די מאמע, און חאָטש די לעצטע פלעגט זיך שטענדיג קלאָגען, אז זי האָט גאָרנישט געלייזט, פלעגט דאָך רייזעלע קלויבען נחת שטעהענדיג נאָהענט נעבען דער מאמען. איהר נחת פלעגט זיך דייטליך אויסדריקען, ווען א קונה פלעגט אונטערקומען צום קאָשיק עפּעל און געבען עפּעס צוליי־זען. זי פלעגט פרעהליך אויסרופען:

— מאמעלע, דו לייזט!

נאָר די מאמע פלעגט דאָס רוב טרויעריג ענטפערן:

— אז אָך און וועה מיין טאָכטער צו'ם לייזונג — פאר א גאַנצען טאָג ערשט די דריטע קאָפּיקע...

ווינטער אבער פלעגט רייזעלע ד ע ם פערגעניגען אויך ניט האָבען. קיין שיך האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט און לויפען אין מארק א באָרפיסע איז קאַלט. די מאמע זאָגט, מען קען זיך פערקיהלען און חלילה שטאַרבען. און שטאַרבען האָט זי גע־וואוסט איז זעהר א שלעכטע זאַך. ווען איהר טאַטע איז גע־שטאָרבען געדענקט זי ניט, נאָר זי ווייסט, אז ער ליעגט דאָר־טען ווייט אונטער דער שטאָדט אויפ'ן בית־עולם אין א טיעפער גרוב און קען פון דאָרט קיינמאָל נישט ארויס, אפילו זומער אויך ניט... קיינמאָל ניט!... דעריבער היט זי זיך און זי זיצט ווינטער א גאַנצען טאָג אין שטוב און וואַרט ביז וואַנען עס ווערט פינס־טער, ווען די מאמע דאַרף קומען.

— שוין פינסטער! — געהט זי צו אַלע ווייַלע צום פענס־טער. — באַלד, באַלד קומט זי.

נאָר עס קומט איהר אויס נאָך פיעל צו וואַרטען. אין דעם קליינעם שטיבעל מיט די פערפרוירענע קליינע שייבעלעך ווערט פינסטער בשעת אויפ'ן גאַס איז נאָך גוט ליכטיג און עס ציהט זיך רייזלען אַזוי לאַנג די צייט.

— עס איז דאָך שוין פֿינסטער, פֿאַר וואָס קומט זי ניט? זיפֿצט זי מיט אונגעדולד.

און אַז אין קליינעם שטיבעלע ווערט שוין די פֿינסטערניש געדיכט און רייזעלע קען שוין ניט זעהן, וואָס אַרום איהר געפֿינט זיך אויסער דאָס שטיקעלע פּריפּעטשיק, וואָס די מאַמע האָט ניט לאַנג אָבגעקאַלכט, דאַמאָלס דערהערט זי אַ קלאַפּ אין טהיר. איהר קליין הערצעלע שפּרינגט שיער נישט אַרויס פֿאַר שמחה און זי צעזינגט זיך:

— די מאַמע געהט, די מאַמע געהט!

זי ווייסט, אַז קיין אַנדערער קומט צו זיי קיינמאָל נישט. און ווירקליך, עס קומט צו געהן די מאַמע, אַ פֿערפֿרוירענע, שטעלט אַוועק דעם קאָשיק נעבען טהיר און רופֿט אויס:

— וואו ביזטו, רייזעלע?

— אָט בין איך, מאַמע, דאָ לעבען בעט — צינד אָן פֿייער.

די מוטער רייבט אָן אַ שוועבעלע, און צינדט אָן דאָס לעמפּעלע. אַ שוואַכע שיין בעלייכט דאָס שטיבעלע, נאָר פֿאַר רייזעלע איז גענוג — זי דאַרף נאָר דערזעהן די מאַמע און זי זעהט איהר פֿאַר'ן רויכיגען פֿייער גאַנץ גוט און זי ווערט פֿרעהליך.

— מאַמע, וועטשערע וועסטו קאָכען?

— ווי דען? — ענטפֿערט די מוטער. — ביזט אודאי אַ הונגעריגע.

— ניין! איך וויל גאָרניט עסען — דו ווילסט דאָך אָבער...

— איך וויל אויך ניט, איך האָב אויפֿ'ן מאַרק געקויפֿט אַ האַלב פֿונט ברויט און גענעסען מיט אַ צופֿוילטער עפּעל — אַ מחיה!...

די מוטער לעגט פֿערנאַנדער אַ פֿייער. אַז עס ברענט זיך פֿערנאַנדער שטעלט זי צו אַ טעפּעל וואַסער און זי זעצט זיך אַוועק מיט רייזעלען. רייזעלע קוקט דאָ אויפֿ'ן פֿייער, דאָ אויף דער מאַמען און עס איז איהר אַזוי גוט. אַזוי וואַרים...

דאָס טעפּעל וואסער הייבט פרעהליך אָן זיעדען. די מוטער פערקאָכט אביסעל גרויפּען און אין אַ האַלבע שעה עסען זיי ביי־דע די וועטשערע.

ביי די ערשטע צוויי לעפעל פערהוסט זיך די מוטער. ריי־זעלע הערט אויף צו עסען און וואַרט ביז וואַנען די מאַמע וועט זיך אויסהוסטען. די מאַמע וויל איהר זאָגען, זי זאָל נישט וואַר־טען און עסען, נאָר דער הוסט וואַרגט זי און זי קען אַ וואָרט נישט אויסרעהען.

— מאַמעלע, גענוג דיר צו הוסטען, — בעט זיך די קליינע רייזעלע מיט טרעהרען.

— דו זשאַלעוועסט מיר? — פרעגט די מוטער נאָכ'ן אויס־הוסטען זיך, גלעטענדיג רייזעלען איבער'ן קעפּעלע.

נאָר אַנשטאָט אַן ענטפער נעהמט זי רייזעלע אַרום און וויינט זיך פונאַנדער...

---

## 2.

רייזעלע איז אַלט געוואָרען צוועלף יאָהר.

עס איז זומער געוועזן. דורך די קליינע מיט שטויב פער־צוויגענע שייבעלעך האָבען זיך שטראַהלען פון דער זון, ווי מיט געוואַלד אריינגעשפּאַרט אין שטיבעלע און זיי זיינען געפאַלען אויף רייזעלעס פּנים'ל. רייזעלע, וואָס איז דעם גאַנצען פריה־מאָרגען געזעסען פערטרויערט האָט זיך פון דאָס זיסע ליכט ערמונטערט און עס האָט זי געצויגען אויפ'ן גאַס... נאָר וואָס וועט זי דאָרט טהאָן? שפּיעלען זיך האָט זי ניט מיט וועמען, אַלע מיידעלעך אין איהרע יאָהרען געהען אין פיינע קליידעלעך, און זי האָט אפילו קיין שיך ניט. אַלע שעמען זיך מיט איהר. איין חבר'טע האָט זי נאָר — די מאַמע!... זי איז אַזאַ גוטע, אַזאַ גוטע... אַלץ פאָלגט זי איהר, די גוטע מאַמע, אפילו אַז זי

הוסט זיך פונאנדער קומענדיג אהיים פון מארק, און זי בעט זי זאל אויפהערען, פאלגט זי איהר אויך. נאר ביי נאכט העלפט נישט איהר בעטען. היינט ביינאכט האט זי אזוי געהוסט... רייזעלע האט איהר צוויי מאל וואסער דערלאנגט, נאר עס האט ניט געהאלפען... וואס הוסט אזוי די מאמע? זי זאגט דאס איז א פעהלער, נאר מען קאן דערמיט אויסלעבען די יאהרען. איהר מאמע — די באבע — איז אויך אזוי געוועזען און האט אויסגעלעבט די יאהרען... „אוי גאט, זאל די מאמע לעבען!“ צעוויינט זיך אין רייזעלען דאס קליינע הערצעלע. דער מאמעס בלאס פנים מאלט זיך איהר און עס ציהט זי צו איהר... דאס ענג שטיבעלע ווערט איהר נאך ערגער... „אין מארק“ — בליצט איהר דורכ'ן קליין קעפעל — „צו דער מאמען“...

און א בארפיסע, אין אן אלט־צוריסען־קליידעלע לויפט זי גלייך אוועק צו דער מאמען.

— נו, וואס ביזטו געקומען, רייזעלע? — פרעגט זי די מאמע מיט ליעבשאפט.

— אזוי זיך, מאמע... אומעטיג... — ענטפערט רייזעלע, ווי שעמעדיג.

— נו, נו, קיין בייז ניט... טרייסט זי די מאמע — שטעה זיך דא, קיין געלד לייזט זיך סיי ווי סיי ניט.

א זיצערין פון קעגענאיבער, וואס קריעגט זיך שטענדיג מיט רייזעלעס מוטער פאר א קאפיקע פדיון און ווערט „גוט־פריינד“ בשעתביידע לייזען נישט, פערלאזט איהר בענקיל און געהט־צו צו זיי ביידען. בעטראכטענדיג רייזעלען מיט דורכדרינגענדע בליקען רופט זי זיך אן.

— דו ווייסט, חיענע, אז דיין רייזעלע וואקסט אהן עין־הרע.

— זאל נאר אזוי איהר מזל וואקסען! — זיפצט אב חייענע, קוקענדיג מיט פייכטע אויגען אויף איהר קליין־דאר טאכטער'ל.

— וואס מיינסטו, — רעדט ווייטער די זיצערין — נאך א יאהר, נאך א יאהר — באלד ווערט זי א „מויד“ און זי דארף שוין א חתן. די יאהרען לויפען... ווי לאנג בין איך געווען אזא מיידעלע? דאכט זיך נעכטען... א גאנץ שעהן מיידעל — ענ־דיגט די זיצערין, בעטראכטענדיג רייזעלעס געקרייזעלטע העה־רעלעך, וואס פאלען אראב אין לאקען אויפ׳ן ברייטען שטע־רענדיל, בעטראכטענדיג איהר בלאס פנים׳ל, מיט די טיפע, שווארצע אייגעלעך.

רייזעלע קען נישט פערטראגען דער זיטצערינס בליקען. אויף איהר בלייכען פנימ׳ל בעוויזען זיך א פאר רויטליכע פלע־קען און זי ווערט נאך שענער. די זיצערין לויבט ווייטער:

— גאר א שעהן מיידעל!

— זאל זי האבען נאר אזא שעה׳ן מזל ווי שעהן זי איז — זיפצט אב חייענע, — איהר טאטע זאל פאר איהר זיין א גוטער בעטער, רבונו־של־עולם!

— אודאי! — ענטפערט די זיצערין — ווער רעדט אז ניט „ער“. פון דעסטוועגען, חייענע, האסטו אליין געדארפט עפעס אנהויבען זארגען פאר איהר, עס איז קיין תכלית ניט...

— נו, וואס זאל איך טהאן — זיפצט די מוטער — איך זאל זי שטעלען מיט א קויש עפעל? — איך אליין לייז גאר־נישט.

— וואס עפעס מיט א קויש עפעל! — האקט אב די זי־צערין, ווי זי וואלט זיך דערשראקען פאר נאך א קאנקורענטקע.— גיעב זי בעסער אוועק אויף א „שטעל“... קיין יחוס איז היינטי־גע צייטען ניטא...

חייענע מיט רייזעלען האבען זיך איבערגעקוקט, ביידענס פנימ׳ער זיינען בלאס געווארען. זיי האבען שטרענג א קוק גע־טהאן אויף די זיטצערין, ווי זיי וואלטען פארגעווארפען:

— גזלנ׳טע! ווילסט אונז צושיידען!...

רייזעלע איז שוין פון דער מאמען ניט אוועקגעגאנגען. זי

האט געווארט ביז עס איז פינסטער געווארען און זיי זיינען ביידע אהיים געגאנגען; אויפ'ן וועג האבען זיי צווישען זיך ניט גערעדט, ווי זיי וואלטען פלוצים שטום געווארען. מינוטען־ווייז פלעגט רייזעלע אננעמען דער מאמען פאר'ן קלייד, ווי זי וואלט פאר עפעס זיך געשראקען...

אז זיי זיינען געקומען אין שטיבעלע, איז שוין פינסטער געווען. רייזעלע האט אנגעצונדען פייער און האט זיך דער־שראקען: איבער דער מאמעס געל־דאר פנים האבען זיך געקווי־קעלט צוויי גרויסע טרעהרען.

— מאמעלע, דו וויינסט! — האט זי מיט שרעק אויסגע־שריגען, צוטולענדיג זיך צו איהר.

— וואס דען, מיין טאכטער, לאכען זאל איך?... „זי" איז ידען ניט גערעכט? ווער צו מיר, דו ביזט שוין א מיידעל פון 12 יאהר און האסט אפילו קיין פאר שיך ניט, קיין העמד אויפ'ן לייב. און איך בין קראנק, איין גאט ווייס, ווי אזוי איך שטעה אויפ'ן מארק... וואס וועט זיין דער סוף?...

— נו, וואס זאל איך טהאן? — האט רייזעלע געפרעגט— אז איך וואלט געקענט פערדיענען געלד, וואלט איך זיך געמאכט א קליידעל מיט שיך און דיר וואלט איך אויך געמאכט אויף יום־טוב א שעהן קליידעל...

די מוטער האט א ווײלע געשוויגען, קוקענדיג מיט פולע בליקען אויף איהר טעכטעריל, נאכדעם האט זי שטיל געפרעגט.

— דו, רייזעלע, ווילסט פערדיענען געלד?

— אהא! — האט רייזעלע זיך דערמונטערט — איך וואלט נאר געוואוסט ווי אזוי. איך וואלט גאר וועלען זיין א שניידערין. לאה שרה'ס, וואס וואוינט קעגען אונז, איז אויך א שניידערין. און זי פערדיענט אזוי פיעל געלד! אלע שבת זעה איך זי שפאצירען אין אזא שעהן קליידעל!... אפילו אין מיטען וואך געהט זי אין א היטעלע. נאר איך וואלט קיין היטעלע נישט געטראגען, איך וואלט בעסער געקויפט דיר א נייעם פארוק,

ריינער האָט זיך שוין גאָר צוריסען...

— ניין, מיין טאַכטער — האָט איהר די מוטער איבער־געשלאָגען — אַ שניידערין איז ניט פאַר דיר, ביז וואַנען דו וועסט אָנהויבען נעהמען געלד וועט געדויערען דריי יאָהר און קיין קליידעל וועסטו זיך אַליין נישט קענען מאַכען. ביים אָנקו־מען דאַרף מען נאָך געבען דער „בעל־הבית'טע" צעהן רובל פאַר'ן אויסלערנען זיך.

— נאָ, ווי־זשע פערדיענט מען געלד? — האָט ריי־זעלע אומעטיג געפרעגט.

— דו האָסט דאָך געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט...

רייזעלעס בלייך פּנים'ל איז בלייכער געוואָרען, און איה־רע טיעפע אויגעלעך איז אומגעשוואומען אַ שרעק.

— און דיך לאָזען אליין, מאַמע, ביינאַכט זאָלסטו אפילו ניט האָבען ווער עס זאָל דיר אַביסעל קאַלט וואַסער דערלאַנגען?

די מוטער האָט גאָרנישט געענטפערט — נאָר צוויי טרעה־רען זיינען אַראָבגערונען פון איהרע מאַטע אויגען אויף רייזע־לעס פּנים'ל...

— נו, מאַמע, ווייַן נישט, — האָט רייזעלע זיך געבעטען, — דו וועסט דאָך מיך אָבגעבען צו אַ גוטער „בעל־הבית'טע", וועט זי מיך לאָזען אַלע נאַכט געהן צו דיר שלאָפען...

— ניין, מיין טאַכטער — קיין גוטע „בעל־הבית'טעס" זיי־נען ניטאָ — אַז זיי צאָהלען געלד, ווילען זיי האָבען אַ נוץ ביי־טאָג און ביינאַכט.

— און זיי האָבען גאָר קיין רחמנות ניט?... — האָט ריי־זעלע דערשראָקען געפרעגט.

די מוטער האָט אויף דער פראַגע נישט געענטפערט. זאָגען זיכער „ניין" האָט זי ניט געוואָלט איבערשרעקען איהר איינ־ציג ליעב קינד, וועלכע וועט געווים שוין מוזען צו „זיי" אַריינ־

פאלען, און זאגען „יא“ האט איהר די צונג ניט געדיענט: וויפיעל בעל־הבית׳טעס זי האט געקענט, זיינען אלע בייזע געווען, און זי האט געשוויגען...

---

3.

אין אכט טאג ארום איז רייזעלע אנגעקומען צו מאדאם גלאצמאן:

— דו זאלסט נאר זיין א בריה, — האט איהר די מאדאם גלאצמאן די ערשטע אונטעררירכט געגעבען — א בריה האבען אלע ליעב. און דו זאלסט פאלגען, וואס מען וועט דיר הייסען, אלעמען דארפסטו פאלגען, אפילו דער קעכין, וועט דיר דא זיין גוט.

רייזעלע האט אויסגעשטעלט די אויגען אויף דער גרויסער, גראבער מאדאם. זי האט ניט געקענט פערשטעהן, ווי אזוי קען דא זיין „גוט“, אז אט די גרויסע, גראבע מאדאם וועט איהר געבען עסען, וועט איהר זאגען: „געה לעג זיך שלאפען!“ אז אט די גראבע מאדאם וועט איהר „הייסען“ טהאן אן ארבייט און זי וועט קיינמאל ניט זאגען „מיין קינד“, „מיין טאכטער“, אפילו „רייזעלע“ וועט זיי ניט זאגען, זי וועט איהר שטענדיג רופען „דו“.

— ניין! דו ביזט א ליגנעריןֿ, א שלעכטע! — האט רייזעלע די ערשטע נאכט געקלערט, ליגענדיג אויפ׳ן בעטעל אין קיך: „גוט“ קען דא מיר ניט זיין; גוט איז דארטען אין דעם קליינעם שטיבעלע, נעבען דער קראנקער מאמען. דא איז פאר מיר אן אסטראג... ביינאכט וועט די מאמע דארט הוסטען און איך וועל דא דארפען ארבייטען... און אויף וואס דארף „זי“ מיך, אט די גראבע גרויסע „בעל־הבית׳טע“, זי הוסט דען, ווי מיין מאמע, וואס?... זי איז דאך אזא געזונטע... און טאמער וואלט זי אמאל א הוסט געטהאן — האט זי אזוי פיעל מעי־

שען, וואָס וואָלטען איהר אפילו וויין דערלאַנגט. און דאַרטען ליעגט מיין מאַמע אליין און הוסט, הוסט. בעט זיך: רייזעלע, רייזעלע... אביסעל וואַסער... רייזעלע, אביסעל וואַסער...

און רייזעלע האָט זיך אַראָבגעכאַפּט פון בעטיל, צוגעגאַנגען צום פענסטער, געזוכט מיט די אויגעלעך יענעם קליין־שטיבעלע — וואו איהר מאַמע ליעגט אליין און רופט זי...

— מאַמע, מאַמע, טהייערע מאַמע! — האָט רייזעלע ניט אויסגעהאַלטען און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, איינגעדריקענדיג דאָס קעפּעלע אין קישען.

איהר געוויין האָט אבער קיינעם ניט געוועקט, אלע זיינען פעסט געשלאָפען.

# די נייע לאטע.

יענקעלע איז א אינגעלע פון זיבען יאהר, נאר זעהן זעהט ער אויס ווי צעהן יאהר. אבער דערין איז ניט ער נעביך שול־דיג, נאר די איבערגענעהטע קאפאטקעלע זיינע. זי עלטערט איהם פאר דער צייט, זי איז אויף איהם זעהר ברייט און לאנג. בשעת מען האט זי איבערגענעהט פאר איהם, האט די מאמע ברעה געהאט, אז עס זאל קלעקען אויף עטליכע יאהר, ווייל דאס קינד האלט אין וואקסען. אויך דאס היטעלע זיינס איז אן אלט'ס און א גרויס, — פון טאטענס קאפ, — און ער זעהט אין זיי אויס עלטער אויף שטארקע דריי יאהר, און דער טאטע זיינער, ווען ער איז אין גוטען הומאר, רופט איהם „בעל הבית'עלע"... און יענקעלע איז צופריעדען.

ניט אזוי איז אבער מיט יענקעלע'ס הייזעלעך. זיי זיינען געווען זעהר קורץ, די לעצטע צייט זיינען די „קאלאש'עס" פון זיי צעפליקט געווארען און ביי יענקעלען האבען זיך נעבעך די הוילע קניה ארויסגעזעהען און די מאמע האט דורכ'ן ווינטער ניט איינמאל דערמאהנט איהר חייקלען.

— וואס וועט זיין, חייקעל, מיט א פאר הויזעלעך פאר יענקעלען? — זיי זיינען דאך שוין צעברעקילט געווארען.

און חייקעל פלעגט א קוק טהאן אויף יענקעלען, איהם הייסען בעווייזען. יענקעלע פלעגט אויפדרעקען די פאלעס און אויסשטעלען די פיסעלעך, דער טאטע חייקעל פלעגט מיט גרויס מבינות בעטראכטען די „ריסען" אין די הויזעלעך, און פלעגט ענטפערען:

— מען דארף זעהן מאכען...

און א גאנץ ווינטער האט מען אלץ געזעהן צו מאכען, עס איז אבער א שווערער ווינטער געווען, מען האט זעלטען א מוזמענעם גראשען אין שטוב געזעהן, און מען האט ניט גע־מאכט...

נאך פורים האט יענקעלע שטארק גענומען מאהנען:

— מאמע, נעה מיר „הויזעלעך"... מאמע!

און די מאמע האט פערזיכערט, אז ווי מען וועט נאר אב־באקען מצה, איז די ערשטע זאך יענקעלען מאכען הויזעלעך...

און דער טאטע האט אויך געזאגט, אז ווי נאר די מצה וועט זיין אין שטוב, וועט מען געהן אין קראם און נעהמען פאר אלע קינדער סחורה און יענקעלען הויזעלעך און אפשר א היטעלע וועט מען איהם אויך קויפען...

מען האט מצה קוים אבגעבאקט, עס איז געבליעבען א וואך צו פסח און אין שטוב איז קיין גראשען ניטא. חייקעל האט אבגעלעגט געהן אין קראם אויף נאך פסח.

— נאך פסח וועט זיך אם ירצה השם ווייזען ארבייט! — האט ער מיט בטחון געזאגט.

חייקעל האט געהאט א מלאכה אין האנד — א מאליער איז ער געווען — און בטחון אין הארצען...

— וויל הויזעלעך! — האט יענקעלע זיך געווארפען מיט א געוויין, א פאר טאג פאר פסח.

— נו, יענקעלע, וויינען טאהר מען ניט! אין ווינקעלע שטעהט דער בעזעם... — האט חייקעל געסטראשעט.

דער בעזעם איז אפילו געווען אן אלטער: די ריטלעך צעדראר־טע און יענקעלע איז געווען מסופק צי וועט די עלטערע שוועס־טער, וואס היט דעם בעזעם, ווי דאס אויג פון קאפ, לאזען ריה־רען א ריטעלע — דאך איז ער באלד שטיל געווארען.

אויף מארגען האט ער אבער זיך נאך שטארקער פערנאנ־דערגעוויינט:

—נעה מיר הייזעלעך, מאמע, האסט דאך צוגעזאגט.—און יענקעלע האט אבגעדעקט די פאלעס און וויינענדיג אנגעוויזען.

— זעה, זעה, צערריסען !.. איך שעם מיך.

— וואלסט אפשר זעהן צוקריגען עפעס אויף הויזעלעך... האט די מאמע זיך געווענדעט צו חייקלען.

— אפשר געהן גנב'נען ! — האט חייקעל חוזק געמאכט.

— ווייסטו גאר וואס, יענקעלע, — האט די מאמע זיך פלוצים ווי ערוואכט — איך וועל דיר לעגען אויף די הויזעלעך לאטעס, אז עס וועט זיין שעהנער ווי נייע...

— טאקי ? — האט יענקעלע מיט לוסטיגע אויגעלעך גע־פרעגט.

— אויף נאמנות. מיין קינד... וועסט זעהן. באלד וועל איך ארויסנעהמען דעם קאסטען פון אונטער'ן בעט, דארטען ליעגט ביי מיר אודאי א האלבער ארשין קארט, פיינע, אין „קעסטע־לעך" !

— אין קעסטעלעך ! — האט יענקעלע זיך נאך מעהר דערפרעהט. שוין לאנג, אז ער האט חשק צו אזא סארט בגד, נאר ער האט גאר קיינמאל ניט געהאט קיין העזה צו טראכטען פון אזא גליק.

און די מאמע האט ארויסגענומען דעם קאסטען פון אונ־טער'ן בעט און זיך גענומען זוכען דאס שטיקעל קארט אין „קעסטעלעך".

זי האט עס געפונען און געוויזען חייקלען און יענקעלען.

— אז אנטיק אין דער וועלט — האט חייקעל אויסגע־שריען, כדי צו אבנארען נאך מעהר יענקעלען, — עס וועט זיין גאר רייך. גאר רייך — האט ער געדריקט ווערטער און גע־זשמורעט מיט די אויגען צום ווייב.

און יענקעלע איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל, דאס שטי־קעלע סחורה האט איהם ענטציקט. ער האט זיך גענומען צעהלען די קעסטעלעך.

— איינס — צוויי — דריי — פיער — אוי, סארא פולע קעסטעלעך!...

— היינט ביי נאכט, וועל איך דיר פעררוכטען, בשעת דו וועסט שלאפען.

— עס וועט זיין שעהן! — האט יענקעלע מיט א שיינענדיג פנים געזאגט, האלטענדיג דאס שטיקעל סחורה.

— מאמע, וואו האסטו דאס גענומען?

— עס ליעגט שוין ביי מיר לאנג. איך האב זיך גאר פער־געסען.

ביינאכט האט יענקעלע אויסגעטהאן די הויזעלעך, זיך גע־לעגט אין בעט און די מאמע האט גענומען זיך צו דער גרויסער רעפעראציע... איהר שטערען האט זיך געקנייטשט, די אויגען האבען געגלאצט און דער מוח האט געארבייט...

יענקעלע איז געלעגען אין בעט און האט ניט געקענט איינ־שלאפען, אלע ווייל האט ער פון בעטעל געפרעגט:

— נו, מאמע, באלד...

— שלאף, שלאף, מיין קינד, עס וועט נאך געדויערען.

נאר שווער איז יענקעלען געווען איינשלאפען. דארטען ביים טיש זיצט די מאמע איבער זיינע הייזעלעך, וועלכע דאר־פען מגולגל ווערען אין עפעס אזוינס, וואס זיין מוח'ל קען זיך בשום אופן ניט פארשטעלען... און די רעיונות האבען איהם שלאפען ניט געלאזט.

אויף מארגען פריה, ערב פסח, האט די מאמע יענקעלען געוועקט:

—שטעהט אויף, מיין זוהן — איך האב דיר פערטיג געמאכט די הויזעלעך.

— וואסערע הויזעלעך — האט זיך יענקעלע רייבענדיג די פערשלאפענע אויגעלעך געפרעגט.

— דיינע הויזעלעך — פעררוכט.

או ער האט די אויגעלעך גוט אויסגעריבען און זיך גוט

אויסגעקראצט די רעכטע און לינקע זייט פּלייצעלעך, איז ער ערשט געקומען צו זיך און זיך דערמאָהנט אַן דעם נעכטיגען האַלבען אַרשין קאַרט אין די „קעסטעלעך" און זיין פּנים'על האָט גענומען שיינען.

— שעהן עפּעס ? הא, מאמע ? — האָט ער אויסגעשטעלט זיינע אויגעלעך...

— אַן אַנטיק ! — האָט די מאמע געשמייכעלט, — נא, טהו אָן.

יענקעלע האָט אויף גיך זיי אַנגעטהאָן און אַנגעהויבען צו בעטראַכטען מיט אַן ערנסט פּנים'על.

— אַזוי ווי נייע ! — האָט ער פרעהליך אויסגעשריען טאַפּענדיג די צוויי גרויסע לאַטעס, וואָס אויף יעדער „קאָלאַ־שע".

— נאָך שעהנער ! — האָט די מוטער ביטער געשמייכעלט.

— טאַקי שעהנער ! — האָט יענקעלע איינגעוויליגט. — מאמע — האָט ער צום סוף בעמערקט — אַט די אַלטע איז אַ שעהנערע פאַר דער אַנדערער — זי איז אַ קיילעכדיגע, אַזוי ווי אַ ראָד...

—די אַנדערע איז אויך שעהן, מיין זוהן... — האָט די מאמע איהם געטרייסט.

ער האָט זיך פאַרזיכטיג איינגעוואַשען, ער זאָל חלילה ניט פערשפּריצען די קיילעכדיגע לאַטע, עס האָט זיך איהם אָבער ניט איינגעגעבען. די אמת'ע שעהנע קיילעכדיגע לאַטע האָט זיך אַביסעלע פערשפּריצט און יענקעלע האָט אַביסעל צער דערפון געהאַט!... באַלד האָט זי זיך אָבער אויסגעטריקענט, ווייל יענקעלע האָט זיך געשטעלט נעבען קוימען, וועלכען מען האָט געברענט אויף פּסח, און ער איז ווידער פרעהליך גע־וואָרען.

ער האָט אַנגעטהאָן די קאַפּאָטקעלע און — אוי וועה — ווידער אַ צער — די קאַפּאָטקעלע איז לאַנג און זי פער־

שטעלט אזעלכע צוויי שעהנע לאטעס. אז ער וועט ארויסגעהן אויפ'ן גאס שפּיעלען, וועלען אפילו די אינגלעך גאר ניט זעהן...

— מאמע, — האט ער זיך געקלאגט — די קאפּאטע איז א לאנגע — עס זעהט זיך ניט די לאטעס ארויס...

— ס'א דאגה מיין זוהן — האט די מאמע מיט א זיפץ איהם געטרייסט — אז מען זעהט ניט איז נאך בעסער...

— איך וויל ניט, וויל ניט!... — האט ער זיך קאפּריזנע געוואָרפען — שנייד מיר אונטער די קאפּאטקעלע.

— שפּעטער, מיין זוהן — האט די ארימע מוטער איהם פערשפּראָכען — עס אב פריהער דעם חמץ, באלד וועט מען דארפען טראָגען אויפ'ן בוידעם.

אז ער האט אבגעגעסען אנבייסען און איז ארויס שפּיע־לען אויפ'ן הויף, וועלכען די פריהלינגס־זון האט שוין אביסעל אונטערגעטריקענט, האט ער גלייך געפונען א קאמפּאניע אינג־לעך אלע אין נייע בגדים'לעך.

— דיר, יענקעלע, האט מען גאר נישט גענעהט אויף פסח?— האט איהם אייז אינגעלע געפרעגט.

יענקעל האט גאר ניט געענטפערט, נאר מיט שטאלץ פער־קאשערט די קאפּאטקעלע און געוויזען די צוויי נייע לאטעס.

די אינגעלעך האבען זיך פונאנדערגעלאכט.

— וואס לאכט איהר, וואס? — איז יענקעלע אין כעס גע־ווארען און פאר פערדרוס, וואס זיי שאצען ניט אב די שעהנ־הייט פון די לאטעס, שיעור וויינען ניט אנגעהויבען.

— חי—חי—חי—נייע לאטעס... חי—חי—חי!...

— אוועקט! — האט ער אויפגעהויבען א שטיקעל בלאָ־טע און א ווארף געטהאן פאר כעס, — אוועקט!... און מיט פערדרוס איז ער אליין אוועק.

אונטערשניידען דאס קאפּאטקעלע האט שוין יענקעלע ניט געוואלט, ער האט שוין פערשטאנען, אז נייע לאטעס זיינען ניט אזא גרויס גליק, ווי ער האט זיך פארגעשטעלט...

# דער הענדלער און זיין האפנונג.

צי ער האט קיין כח ניט געהאט, צי ער האט זיך גע־שעמט, — ווער קאן וויסען, אפשר ביידע זאכען. אבער שרייען אויפ'ן הויף: האנדעל! האנדעל! ווי אלע הענדלער, פלעגט ער ניט. מיט'ן זעקעל אין האנד פלעגט ער פון דירה צו דירה ארייג־געהן און שטיל פרעגען:

— אפשר האט איהר עפעס צו פערקויפען?

מיט דער זעלבער פראגע איז ער אמאל, א דארער, א בלייכער מיט פערשמאכטע ליפען מיט רויטע אויגען, אריין אין מיין צימעריל.

— ניין! — האב איך ווי שולדיג געענטפערט.

— אפשר א פאר אלטע שיך? — האט ער תחנונים'דיג געפרעגט און זיך איינגעבויגען אונטער מיין בעטעל.

— ניין איך האב נאר איין פאר.

— אפשר אן אלטען הוט? — האט ער ווייטער מיט'ן זעל־בען טאן געפרעגט, און געהויבען דעם קאפ אין דער הויך אויף דער שאפע, מיין בעל־הבית'טעם שאפע.

— ניין!

— אפשר א העמד? — האט ער ניט אויפגעהערט צו פרע־גען, קוקענדיג אויף דעם טשעמאדאן, וואס איז געלעגען אויף א שטוהל.

— ניין, איך האב ניט, — האב איך געענטפערט, און א קוק טהוענדיג אויף איהם, האב איך דערזעהן, ווי זיין פנים דריקט אוים שרעקליכע פערצווייפלונג. איך האב האטש גע־

וואָלט איהם אויסדריקען מיין מיטגעפיהל און האָב איהם געפרעגט:

— וואָס, ר' איד, ניטאָ קיין פּרנסה?

— אי, ניטאָ, ניטאָ! — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן מיינע ווערטער, — אבער טאַקי גאָר ניטאָ! האָטש נעהם און ציה זיך אויס אויף דער גאַס.

איך בין גערירט געוואָרען. פאַר מיר איז געשטאַנען, האַלטענדיג אין די הענד א ליידיגען זאַק, די פערצווייפלונג אַליין, און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

איך האָב איהם געוואָלט געבען א פּאַפּיראָס.

ער האָט מיר געדאַנקט און געענטפערט:

— עס איז אַזוי אויך ביטער...

וואָס זאָל איך מיט איהם טהאָן, אַזוי אוועקלאָזען טאָר איך איהם ניט, פערקויפען איהם עפּעס האָב איך ניט וואָס, א פּאַפּיראָס נעהמט ער ניט און קיין נדבה האָב איך ניט (און אפשר וואָלט ער אויך ניט גענומען), און פּלוצלונג האָט זיך פון מיין מויל ארויסגעריסען:

— אין א וואָך אַרום קויף איך מיר א נייעם אַנצוג, קומט צוגעהן, וועל איך אייך פערקויפען דעם, וואָס איך טראָג.

— הא, וואָס זאָגט איהר! — האָט ער, ווי ערוואַכט פון א גליקליכער בשורה, אויסגעשריען, און זיך צוגערוקט צו מיר נעהנטער — אין א וואָך אַרום? געוויס?...

— אפשר אין צעהן טעג אַרום! — האָב איך געפּרובט אָבלייגען זיין יום טוב אויף שפּעטער — אבער ווי איך קויף א נייעם, פערקויף איך אייך דעם, וואָס איך טראָג...

— מילא זאָל זיין אין צעהן טעג אַרום. קיין נפקא מינא ניט... איך קאָן וואַרטען... — האָט ער געשטאַמעלט, און אין זיינע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען א פרעהליך פייערעל... ער איז פאַר שמחה צו מיר צוגעגאַנגען גאָר נאָהענט און א טאַפּ געטהאָן דעם אַרבעל...

— א פראסט סחורה'לע... — האט ער געזאגט מבינות, און צוקוקענדיג זיך טיעפער, האט ער צוגעגעבען:

— שוין גוט אבגעטראגען... נאר עס מאכט ניט אויס... איך קויף ביי אייך אב... איז, הייסט עס, ווען זאגט איהר — אין עטליכע טעג ארום...

— אין צעהן טעג ארום! — האב איך איהם בעשטימט...

— גאנץ גוט! גאנץ גוט! — האט ער ווי צורודערט פאר גליק גערעדט און ניט ארויסגענומען די אויגען פון מיין אנ־צוג, וועלכער איז קענטיג איהם יא געפעלען געווארען...

ער האט זיך שוין געזעגענט, געזאגט א גוטען טאג, נאר פלוצים איז זיין פנים ווידער דונקעל געווארען און מיט א ציטערדיגער שטימע האט ער זיך געווענדעט שטעהענדיג ביים טיהר.

— און מיט וואס בין איך זיכער, אז איהר וועט איהם מיר פערקויפען? אפשר וואלט איהר ביי מיר גענומען א פאר גיל־דען האנד־געלד?

— ניין! — האב איך זיך ווי פערשעמט פון דעם מאדנעם מסחר — איידער איך קויף א נייעם, קאן איך דאס ניט טהאן, אבער איך פערזיכער אייך, אז אייך אליין וועל איך פערקוי־פען...

— נו, טא געדענקט־זשע...—איז ער ווידער פרעהליך גע־ווארען. דער אנצוג געהערט מיר...

* * *

אין א וואך ארום איז ער צו מיר געקומען.
איך האב זיך פערשעמט און קוים געקאנט ענטפערן.
— נאך ניט.
— נו, נו, עס מאכט ניט אויס, — האט ער מיך ווי גע־טרייסט, — אבער פערקויפען איהם וועט איהר דאך מיר?

— אודאי — אייך, זיכער!

— נו, וועל איך ווארטען.

ער איז א פריעהליכער געבליבען שטעהן, און האט עפּעס ווי געוואָלט זאגען, נאר קאנטיג ניט געוואגט.

איך האב איהם געפרעגט:

— וואס ווילט איהר ווייטער?

— אז איהר וואָלט אזוי גוט געווען ווייזען מיר דעם אונ־טערשלאק פון רעקעל. איך דארף איהם אנקוקען. איך בעט אייך.

זיין בקשה איז געווען לעכערליך. איך אבער האט זי פער־שטאנען און האב ניט געלאכט. פערקעהרט — איך האב א טיעפען זיפץ געטהאן און האב אראבגעצויגען דאס רעקעל פון זיך.

ער האט זיך גענומען מיט מבינות בעטראכטען, געדרעהט דאס רעקעל אין אלע זייטען און אויסגערופען:

— א פראסטינקער אונטערשלאק... נאר נישקשה... איך קויף ביי אייך... איז הייסט עס, ווען זאל איך אריינגעהן...

— העכסטענס אין א וואך ארום...

— זעהר גוט! זעהר גוט! — האט ער פרעהליך און אויפ־גערעגט פאר גליק געמורמעלט. — הייסט עס, אז דער אנצוג איז מיינער — אין א וואך ארום.

און פול האפנונג איז ער ארויס פון מיין צימער. איך האב געקוקט אויף מיין אנצוג מיט כבוד און אבשיי, עפּעס איז עס ניט קיין געוועהנליכער אנצוג. איך האב איהם גענומען שטארק היטען, ניט נאך מיין געוואהנהייט, איך זאל חלילה ניט בעריי־סען דעם ארימען הענדלערס האפנונג, וואס איך טראג אויף זיך...

# פערמאכט.

לייבעלע איז א איינגעל פון צעהן יאהר. ער האט בלאסע בעקעלעך, שווארצע, פייכטליכע פערחלומ'טע אויגעלעך. זיינע שווארצע הערעלעך פאלען אראב אין קליינע געקרייזעלטע לאָקענדלעך, — פערשטעהט זיך נאר דאן זעהען זיך די לאָקענדלעך, ווען דאס היטעלע זיינס פאלט ארונטער פון זיין קעפעלע— אזוי איז לייבעלע א פרום איינגעלע און ווערט דאס היטעלע קיינמאל נישט אויסטהאן...

לייבעלע האט ליעב א סך זאכען און האט זיי קיינמאל ניט, אדער ער האט זיי ניט אין גאנצען און דערפאר זיינען טאקי זיינע אויגעלעך שטענדיג פער'חלומ'ט, פערזארגט און א בענקעניש שווימט אין זיי שטענדיג אום.

ער האט ליעב דעם זומער — זיצט ער אבער א גאנצען טאג אין חדר. ער האט ליעב די זון, — פערהענגט דער רבי שטענדיג די פענסטער מיט זיין קאפאטע און אין חדר ווערט פינסטער, אזש ס'פאלט אן א שווערע דריקעניש. לייבעלע האט ליעב די לבנה, די נאכט, — פערמאכט מען ביי זיי אין שטוב די לאדען און ער פיהלט זיך אויף זיין געלעגער'ל, ווי לעבעדיג בעגראבען...

און לייבעלע קאן נישט פערשטעהן, ווי אזוי די וועלט פיהרט זיך עפעס מאדנע. דאכט זיך, אז די זון לייכט אין פענסטער, קלערט ער, איז א מחיה: עס איז אזוי גוט און פרעהליך, — נעמט דער רבי און פערשטעלט זי, — ניטא קיין זון !... ווען לייבעלע וואלט א העזה געהאט, וואלט ער אזוי וועלען פרעגען: וואס ארט אייך, רבי, אז די זון לייכט אין פענסטער? זי

שאַרט אייך דען ?...

נאָר לייבעלע וועט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן — דער רבי איז אַזאַ גרויסער איד און אַזאַ קלוגער איד, מסתמא פאַר־שטעהט ער דאָך — אי, פאַר וואָס דאַכט זיך איהם, לייבע־לען, אַז עס איז ניט גוט, מסתמא איז ער נאָך אַ קליינער — אַז ער וועט ווערען אַ גרויסער, וועט ער אפשר אַליין פאַרהענגען די פענסטער. אבער ווי די מעשה איז — ניט גוט איז לייבעלען און ער פיהלט זיך שטענדיג ווי אַ בעליידיגטער פון עלטערע מענשען...

פאַר נאַכט געהט ער פון חדר אהיים. די זון איז שוין פאַר־גאַנגען. אין גאַס איז פרעהליך און לעבעדיג, די שוואַרצע זשו־קעס הודזשען און פליהענדיג טרעפען זיי איהם אין נאָז, אין אויער, אין שטערן. ער וואָלט וועלען אביסעל שפּיעלען אין גאַס, לאָזען אין דער היים די גאַנצע וועטשערע, האָט ער אבער מורא פאַר'ן טאַטען. דער טאַטע איז אפילו אַ גוטער, אַז ער רעדט מיט פרעמדע מענשען איז ער אַזוי ווייך, אַזוי גוט, אַזוי צוגע־לאָזען, — אבער צו איהם, צו לייבעלען, איז ער זעהר שלעכט, שטענדיג שרייט ער אויף איהם און זאָל ער קומען אמאָל פון חדר מיט עטליכע מינוט שפּעטער, וועט ער זיך באַלד צוביי־זערן:

— וואו ביזטו דאָס געווען, שעהנער מענש? האָסט עפּעס געשעפטען ?...

היינט געה, דערצעהל דעם טאַטען, אַז אויפ'ן גאַס איז איצטער גאָר ניט שלעכט, אַז עס האָט ליעב ווי די זשוקעס הו־דזשען, ס'איז אַ מחיה צו הערען, אַז אפילו דער קלאַפּ זייערער, וואָס זיי גיבען פאַרביי־פליהענדיג, איז אויך זעהר פריינדליך און מעשה־חבר !...

עס איז דאָך טאַקי אַ ווילדע נאַרישקייט. באשר ער, ליי־בעלע, איז אַ קליינער, געפעלט עס איהם, האָט ער נחת דערפון— דער טאַטע איז דאָך אבער אַ גרויסער איד, וואָס האַנדעלט מיט

ווייץ און מיט קארן און ווייס אלע מאל דעם מקח. ווען עס איז טייערער, ווען עס איז ווערלוועלער. דער טאטע קען רעדען גוט אויף גויעש און קען זיך דינגען. דער טאטע פערשטעהט אויף דער „פרייסישער וואג“. — א קליינינקייט דער טאטע! הייגט ווי אזוי דערצעהלט מען דעם טאטען, אז אויפ'ן גאס איז איצט אזוי גוט...

און לייבעלע איילט זיך גלייך פון חדר אהיים. אז ער קומט אהיים פרעגט איהם דער טאטע וויפיעל קאפיטלעך תנ"ך ער האט אבגעלערנט. אז ער ענטפערט: פינף — שווייגט דער טאטע און זינגט אונטער א ניגונדיל, נישט קוקענדיג איהם אין פנים אריין. טאמער ענטפערט ער: דריי, ווערט דער טאטע בייז און פרעגט:

— וואס איז די מעשה וואס אזוי ווייניג? הא?

און לייבעלע שווייגט און פיהלט זיך שולדיג קעגען טאטען.

נאך דעם פרעגט דער טאטע ביי איהם עפעס א טייטש־ווארט:

— סטייטש: כמלונה?

— כמלונה — ווי אן איבערנעכטיגונג — ענטפערט לייבעלע דערשראקען.

דער טאטע שווייגט — א סימן אז ער איז צופרידען. מען זעצט זיך צום טיש עסען ווערשערע. דער טאטע קוקט די גאנ־צע צייט אויף לייבעלען און לערנט איהם ווי צו עסען.

— ווי האלסטו די לעפעל? — בעמערקט ער טרוקען. און לייבעלע נעמט די לעפעל נידריגער און דאס עסען געהט איהם גיט איין.

נאכ'ן עסען מוז לייבעלע בענשען הויך און זאגען „עברי“, ווי עס דארף צו זיין. טאמער פערשלינגט ער א ווארט, צושרייט זיך דער טאטע:

— ווי האסטו געזאגט? ווי? נאך אמאל: שאתה זן

ומפרנס אותנו... נו, זאג — חאפ ניט, פליה ניט — עס ברענט ניט...

און לייבעלע זאגט נאך אמאל כאטש ער איילט זיך זעהר, כאטש ער וואלט וועלען זעהר פליהען אויפ'ן גאס, כאטש עס ברענט איהם זעהר, זעהר...

אז עס ווערט פינסטער, דאווענט ער מעריב שוין פאר'ן לאמפ. דער טאטע כאפט איהם אלע ווייל'ע ביי א גרייז, און לייבעלען קומט זעהר שווער אן צו איינהיטען זיך. די לבנה, ריין און קיילעכדיג, שווימט אויפ'ן הימעל און לייבעלע דאווענט און קוקט אויף איהר און עס ציהט איהם אזוי אויפ'ן גאס, און ער טומעלט זיך אין דאווגען...

נאך מעריב כאפט ער זיך ארויס אויפ'ן גאס, אויסקלע־רענדיג עפעס א תירוץ. ער זוימט זיך אביסעל און קוקט דערווייל אויף דער לבנה, וועלכע בעשיט מיט בלייכע שטראהלען די גאס. באלד אבער דערהערט ער דעם טאטענס קול:

— אין שטוב אריין שלאפען!...

אויפ'ן גאס איז ווארעם, קיין מינדסט ווינטעלע בלאזט ניט, נאר לייבעלען דאכט זיך, אז עס איז פון טאטענס ווערטער ווי א ווינט דורכגעפלויגען. עס איז איהם מאדנע קאלט געווא־רען, און ווי א דערפראָרענער געהט ער אריין אין שטוב, שטעלט זיך ביים פענסטער און קוקט, קוקט אויף דער לבנה...

— נו, מען דארף געהן צומאכען די לאדען, ניטא וואס צו זיצען! — דערהערט לייבעלע דעם טאטענס קול און אן אימה בעפאלט איהם.

און אט געהט ארויס דער טאטע. לייבעלע דערהערט, ווי די לאדען קלאפען, עקשנ'ען זיך, ווי זיי וואלטען זיך געגען זייער ווילען פערמאכען. און באלד דערהערט זיך א שטארקער קלאפ— ניטא קיין לבנה!...

—דער טאטע האט זי בעהאלטען!...

און א ווײַלע שפּעטער ווערט דער לאָמפּ אויסגעלאָשען. אין שטוב איז פינסטער, אלע שלאָפען שוין. לייבעלע אבער, וועלכער שלאָפט גראָד ביים פענסטער, קען ניט איינשלאָפען. ער וואָלט נאָך וועלען שפּיעלען זיך אויפ'ן גאַס, פון וואַנען עס דערטראָגען זיך דורך די שפּאַלטען רופענדע קלאַנגען... ער פּרובט זיך זעצען, איינקוקען זיך דורך די שפּאַלטען און טאַקי א פּרוב טהאָן אויפעפענען שטילערהייט א לאַדען און קוקען, קוקען... עס געלינגט אבער ניט. דער טאַטע כאַפּט זיך גראָד אויף און ברומט:

— וואָס פאַרקעסטו זיך דאָרטען, הא ?... ווילסט איך זאָל אראָבנעהמען מיט'ן „פּאַס" און צוקאַטעווען דיך ? !...

און לייבעלע נורעט זיך איין שטיל אין קישעלע, דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבער'ן קאָפּ און איהם. דאכט זיך, אז ער איז לעבעדיג בעגראָבען...

# דאס בענשער׳ל.

גרשון — א צעהניאהריג תלמוד תורה אינגעלע — האט געהאט חשק צום קליין סדור׳ל, וואס האט זיך געפונען ביים פאקען־טרעגער אין קאשיק, ווייל דאס דאזיגע סדור׳ל איז געווען אין א רויטען איינבונד און די אותיות אויפ׳ן טאוועל זיינען געווען אמת׳ע גאלדענע און האבען געפונקעלט נאך בע־סער ווי גאלד. נאר פאר דאס סדור׳ל האט דער פאקענטרעגער געבעטען א גילדען און גרשון האט מעהר ניט געהאט, ווי א פיערער׳ל, וואס ער האט אליין פערדיענט ביי זיין מאמען, גרונה די אלמנה. האט ער זיך מישב געווען, אז ער וועט נאר קויפען דאס בענשער׳ל. אמת, בענשען קען ער אויסווייניג, אבער אין בענשער׳ל שטעהט דאך ניט נאר בענשען אליין! דארטען שטעהט קריאת־שמע, ציצית־בענשען און א פולע ברכות, און דערצו איז נאך דאס בענשער׳ל א קליינס מיט רויטע פאדער־בלעטעלעך און שעהן צוזאמענגענייט.

און גרשון האט עס אבגעקויפט פאר א פיערער׳ל.

געקומען אהיים, האט איהם די מאמע געגעבען עסען וועט־משערע — פארפעל.

— ווארט, ווי מאכט מען א ברכה אויף פארפעל? — האט ער צו זיך אליין גערעדט. דער שנץ האט געוואוסט, אז אויף פארפעל מאכט מען מזונות, נאר ער האט געוואלט זיך אליין אבנארען, אז ער ברויך דאס בענשער׳ל נויטיג צו האבען, אז ער האט עס געקויפט ניט חלילה דערפאר וואס ער איז א צולאזען אינגעל און פערשווענדט גלאט אומזיסט געלד, נאר אדרבא, ווייל

ער איז אָן עהרליך אינגעל, וואָס מוז האָבען אַ בענשער׳ל ער זאָל וויסען ווי אַזוי מען מאַכט אַ ברכה.

— אויף פאַרפעל מאַכט מען מזונות! — האָט ער הויך געלייענט.

— וואָס לייענסטו דאַרטען? — האָט די מאַמע, פאַרענדיג זיך ביים פּריפּעטשיק, געפרעגט.

— איך האָב געקויפט אַ בענשער׳ל! — האָט גרשון גע־זאָגט מיט אַ גלאַנץ אין די אויגען.

— ניט קיין נאַרישקייט, — האָט די מאַמע איהם נאָכ־געגעבען: וויפיעל קאָסט?

— אַ פיערער... זעהסט — אַ טייערער בענשער׳ל, — האָט ער געלאָזען די טעלער פאַרפעל און צוגעטראָגען דאָס בענשער׳ל צום אויווען.

די מאַמע, ניט קיין געלעהרענטע, האָט עס גענומען אין דער האַנד, אַריינגעקוקט אין איהם און מיט אָבשיי געענטפערט:

— אַ גוטער בענשער׳ל — ווערט אַ פיערער. זיי נור אַ איד און וויל לערנען.

גערשונקע עסט אָב וועטשערע און זוכט די ברכה אחרונה.

— ווערט אַ פיערער! — טרייסט ער זיך נאָך דער ברכה אחרונה, חאָטש דער שנץ קען די ברכה אחרונה ווי אַלע ברכות. אַ, וואָס מאכלים עס טהוט זיך אויף דער וועלט! גאַנצע פיער בלעטלעך איינגעטונקט מיט גוטע זאַכען!

— „אגרעסען וואָס מען קען זיי עסען רויע"... ע... דאָס וויים איך... ער לייענט ווייטער.

— „אוגערקעס"... דאָס וויים איך אויך.

— „איינגעמאַכטס" — איינגעמאַכטס עסט מען דאַכט זיך פּסח... מאַמע, ווען עסט מען איינגעמאַכטס?

— ווען נאָט העלפט! — זיפצט די מאַמע...

— „אייער"... אייער עסט מען צום סדר, דאָס וויים איך— ער לייענט ווייטער.

— „אינגבער..." אי, אינגבער איז א גוטע זאך. אינגבער־לעך פערקויפט מען נעבען תלמוד־תורה צו גראשען א שטי־קעל.. .עס איז גאנץ געשמאק...

„פייכטע" — מאכט מען „האדמה", — „טרוקענע אהן א ברכה"... ע... די אידינע פערקויפט טרוקענע, קוים וואס מען בייסט איין...

ער לייענט ווייטער:

— „און אזוי, איז דער דין ביי פעפער"... ע... פעפער איז בלאטע... פעפער האט ער פיינט.

— „ארבים, פאסאלים" — דאס איז גאר נישט...

— לימאנע שאלעכץ... — דאס ווייס ער ניט.

— מאמע, וואס איז דאס לימאנע שאלעכץ?

— לימאנע שאלעכץ... פערטראכט זיך די מאמע: צי זאל דאס ניט זיין אפטמאל אזא מין ציטרין?

— א, ציטרין ווייס איך!...—שרייט גרשון אויס—עס איז זויער... איך ווייס!

ער לייענט ווייטער און וואס ווייטער ער לייענט, קריכט ער אלץ אריין אין אומבעקאנטערע מאכלים, וואס ער האט קיינמאל זייער נאמען אפילו ניט געהערט. איבערהויפט געפעלט איהם דער מאכל „סטרודיל", אויף וואס מען מאכט „מזונות".

— וואס איז דאס סטרודעל, מאמע?

— לאמיר, מיין זוהן, אזוי ניט וויסען פון בייז, ווי איך ווייס ניט וואס דאס איז, עס מוז זיין אזא געפילטער טייגעכ־ציל.

— עס מוז זיין געשמאק — איז זיך גרשון משער.

—מסתמא איז דאס ניט שלעכט—גיט איהם נאך די מאמע.

גרשון לייענט ווייטער, ער פערטיעפט זיך שטארק אין בענ־שער'ל, איהם איז ניט אזוי וויכטיג די ברכה ווי די מאכלים, די ברכות זיינען גאר פשוט'ע: אדער האדמה, אדער מזונות,

אדער שהכל, די מאכלים אבער זיינען אזוי פיעל און אזוי פער־שיעדען!...

ענדליך ווערט ער מיעד און, דאכט זיך, ווי ברוגז׳לעך: פארהאן אזוי פיעל גוטע מאכלים אויף דער וועלט און ער ווייסט פון זיי גאר נישט! פאר וואס איז עס אזוי? ער איז אזא עהר־ליך אינגעלע — ער האט פאר׳ן לעצטען פיערער׳ל געקויפט א בענשער׳ל, עפעס פיהלט ער, אז עמיצער האט איהם געטהאן אן עולה און ער ווייסט ניט ווער...

ער לאזט דעם צעטעל פון די מאכלים און נעהמט זיך צו די אנדערע ברכות... „אויף א דונער מאכט מען: שכחו וגבורתו"... ע... צו זומער איז נאך ווייט, טראכט ער און אויף שנעע מאכט מען ניט קיין ברכה.

„אז מען טהוט אן א נייעם בגד, מאכט מען: ברוך אתה מלביש ערומים".

דאס איז שוין יא אן אינטערעסאנטע ברכה. נאר וואס איז די פעולה אז ער טהוט קיינמאל ניט אן קיין ניי בגד׳ל, אלץ געלאטעט און געלאטעט. די מאמע האט א גרויסען קנויל פא־דעם און לאטעט רק.

— מאמע, אויף פסח וועסטו מיר נייהען א בגד?—פרעגט ער.

— הלואי, מיין זוהן.

„עס, זי וועט ניט נייהען", איז ער זיך מיאש, די ברכה „מלביש ערומים" וועט ער קיינמאל ניט דארפען מאכען... קיינ־מאל ניט! און וואס האט ער גאר געדארפט דאס בענשער׳ל, אז קיין זאך האט ער ניט!...

# ביי דאָקטוירים.

פון דער חברה „קרעדיט־געזעלשאַפט פאַר בעל־מלאכות“ איז יאַנקיל דער שניידער נתפעל. „זינד חברות האָבען זיך געֹחבר'ט“, וויצעלט ער, ווי זיין שטייגער איז: „איז נאָך אַזאַ חברה ניט געוועזן“. ערשטענס געפעלט איהם, וואָס אַ בעל־מלאכה, אַ רעמעסלעננִיק, הייסט עס, איז גאָר דער, וואָס פיהרט אַן אייגענעם טיש און האָט אייגענע געצייג... „וואָס דען, די שקאַציקעס, וואָס זייער געצייג איז בלויז זייערע צעהן פינגער און הייגט ארבייטען זיי דאָ, מאָרגען דאָרטען — זיי זיינען דען מענשען? אַט, איך בין אַ שניידער, אָבער וויבאַלד איך פיהר אַן אייגענעם טיש און האַלט פועלים, בין איך טאַקי אַ טשלען אין דער חברה און האָב קרעדיט ביז 30 רובעל. אַ קלייניגקייט ביי אַ „נאַש בראַט“ 30 רובעל! בשעת הדחק, למשל: אַ פאַר פסח, אַ פאַר סוכות, עפּנען זיך דאָך די אויגען, אַז מען קריגט געליהען 3 צעהנערלאַך... לייהט לייהט מען כלומרשט אויף געצייג, אויף „מאַטעריע“, אָבער ווער דאַרף דאָס וויסען, אַז דאָס איז אויף מצה, צי גאָר אויף שיכלאַך פאַר די קינדער?

און זינד די דאָזיגע חברה האָט זיך געגרינדעט, געהט זי איהם פון זינען און פון מויל ניט אַרויס. עס איז אַ סבראַ, אַז ניט די הילף, וואָס ער בעקומט פון דער חברה, איז איהם דער עיקר. איבערהויפּט איז איהר שטאָלץ וואָס ער, יאַנקעל דער שניידער, וואָס האָט אין שפּיז קרעמעל קאַנטאַ סך הכל ביז אַ האַלב־קערביל ווערט גאָר פלוצלונג אַ „טשלען“ און מען געטרויט איהם ביז 30 קערבלעך — אַזאַ אייגענעם געלד!...

— פאַר אַזאַ סומע געלד, — וויצעלט ער אמאָל — זיי זאָלען גאָר ניט אָוועקגעהן אויף מצה, צי אַזוי אויף דער הוצאה,

בשעת עס איז ניטא קיין ארבייט, קען מען דאך גאר אנהייבען צו האנדלען און ווערען אויס בעל־מלאכה...

און יענקעל ליעגט דערפאר מיט די ביינער אין דער דאזיגער חברה. כאפט זיך אמאל אריין אין קאנטאר וויסען, וואס „הערט זיך", אמאל מיט א בקשה: אבלייגען דעם טערמין פון צאהלען, און אמאל: פרואווען קריגען א הוספה אויף זיין קרעדיט נאך א צעהנרובעלדיגע... עס וואלט, נישקשה, צוניץ געקומען! און ניט איין שעה האט ער שוין מבטל געווען צוליעב דער דאזיגער חברה, פאר וואס די ווייב זיינע פלעגט איהם אמאל, אזוי פארבייגעהענדיג, א זאג טהאן:

— די גליקען פון דיין חברה ווייס איך נאך „ברוך השם" ניט... דו צורייבסט מעהר צייט, ווי עס טרעפט אז די געלד, וואס דו לייהסט דארטען...

נאר יענקעל ענטפערט איהר מיט א גוטמוטיגען שמייכעל פון אויבען אראפ:

— דו האסט א פנים א ידיעה אין אזוינע זאכען... אט פרעג דיך בחרם...

נאר שטארק נתפעל איז ערשט יענקעל געווארען, ווען די דאזיגע חברה האט פערברייטערט איהר טהעטיגקייט און האט געגרינדעט נאך אן אבטיילונג אין דער חברה מיט'ן נאמען: „ר ו פ א י  ח ו ל י ם".

די תקנות פון דער חברה זיינען בעשטאנען אין דעם, אז יעדער מיטגליעד, ווען ער צאהלט איין צוויי רובעל א יאהר, האט ער דאס רעכט, ווען ער, צי ווער פון זיין הויז־געזינד, ווערט חלילה קראנק, צו ווענדען זיך צו יעדען דאקטאר, וועלכען ער וויל נאר אליין. דערויף גיט זיך יעדערען ארויס אזא ביכעלע און ווי נאר מען ווייזט דעם דאקטאר דאס ביכעלע מיט'ן שטעמפעל „רופאי חולים", מוז דער דאקטאר היילען אהן א גראשען געלד און דאס גלייכען דארף יעדער אפטייקער געבען רעצעפטען, ווי פיעל דאס הארץ געלוסט.

— דו בענעהמסט חאטש, וואס פאר א טייערע זאך דאס איז! — האט ער געפראווט איינטאלקעווען מיט דער ווייב, אז זי זאל איהם ערלויבען איינשרייבען זיך אין דער דאזיגער חברה.

— יא, גוט איז דאס... — האט די ווייב אונטערגעזיפצט— הלואי זאל מען ניט דארפען... א דאקטאר קומט צוניץ... אט בערעלע הוסט טאקי, און יענטעלען רינט שוין א פאר חדשים פון אן אויער, און וועלוועלע פרואווט גאר ניט עסען, אויסגע־דארט נעבעך איז ער געווארען. און איך אליין וואלט אויך גע־דארפט א דאקטאר... אבער צוויי רובעל איז דאך באלד א האל־בע שורקע האלץ...

— ביזט א בהמה! — איז שוין יענקעל פון געדולד ארויס, און האט פאר די לעצטע צוויי רובעל איינגעשריעבען זיך אין דער חברה.

— זאלסט הייגט נעהמען בערעלען און אוועקפיהרען צום דאקטאר מינץ... א טייערער דאקטאר, — האט יענקעל פער־זאגט דער ווייב אויף מארגען נאכ'ן איינשרייבען זיך. — מינץ נעהמט דאך ניט אנדערס, ווי א האלבען רובעל. פערשטעהסט? דער בעסטער דאקטאר אין שטאדט. געה שוין אריבער, נא דיר דעם ביכעלע מיט'ן שטעמפעל „רופאי חולים", וועסט איהם ווייזען און אוועקגעהן...

און אז דאס ווייב האט אבגעטהאן איהרע מלאכות האט זי בערעלען געהייסען גוט אויסשנייצען די נאז, אנגעטהאן איהם די שבת'דיגע היטעלע און מיט איהם געגאנגען צו מינץ...

יענקעל האט איהר א גליקליכער נאכגעקוקט און האט געטראכט:

— א האלבער רובעל וועט שוין אראב... מארגען וועט גע־העז יענטעלע, איבער מארגען בערעלע, איבער־איבער מארגען וועלוועלע...

— אזא טייערע זאך, ווי די חברות זיינען, איז ניטא אויף

רער וועלט! — האָט ער שוין זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען ניט אויסצודריקען זיין התפעלות פאַר זיין איינציגען פועל.

דער פועל, א הויכער און א דארער, מיט פייכטע אויגען האָט טרויעריג אָבגעענטפערט:

— יאָ, וועמען גאָט העלפט...

פון דעם דאָזיגען ענטפער איז יענקעל שטאַרק געריהרט געוואָרען און ער האָט בעשלאָסען צו זעהען מאַכען עפּעס א שווינדעל אין ביכעלע און זעהן, אז דער פועל זאָל זיך מיט איהם אויך קענען בענוצען.

— דו זיי נאַר א מענש — האָט ער זיך צום פועל געווענ־דעט, — וועסט דו אויך אריינגעהן צום דאָקטאָר... איך וועל שוין זעהען עפּעס מאַכען א קונץ, וואָס טהוט דיר וועה?

— אין הארצען כאַפּט אמאָל שטעכען! — האָט דער פועל געמאַכט א קראַנקע מינע.

— אויך צו מינץ'ן! — האָט דער שניידער אויטאָריטעט־טיש בעשטימט, — אויף א הארץ־פּעהלער איז ער דער גרעסטער דאָקטאָר... מען זאָגט, אז ער האָט געקאָנט זיין א פּראָפעסאָר, נאָר ער וויל זיך ניט שמד'ען...

— פאַרט א איד! — האָט ער מיט שטאָלץ צוגעגעבען — דאַכט זיך — וואָס? פאָהרט אום שבת. פיהרט א טרייפע קיך און שמד'ען זיך — דאָס א מכה!

---

אין עטליכע טעג זיינען אלע קינדער איבער־געווען ביי דאָקטוירים. די קליינע שטיבעל איז פול געוואָרען מיט פלעשע־לעך, סלויטשיקלעך און שאַכטעלעך, יענקעל פלעגט זיי טאָפּען שמעקען און שאַצען:

— די סלויטשיקלעך אליין זייגען עפּעס ווערט...

זיין „וויזיט“ צום דאָקטאָר האָט ער אָבגעלעגט אויף שבת. אין מיטען וואָך גאָהן קורירען זיך פערגינט ער זיך ניט. דאָס

איז ער ניט ביכלת. און אגב פאסט ניט פאר לייטען. א מענש געהט אום, עסט און טרינקט און נא דיר גאר קורירען זיך. שבת איז אנ׳אנדער זאך. שבת קורירען זיך אלע ארימע אידען...

און ווי יענקעל האט נאר אבגעדאווענט, האט ער זיך גע־איילט צו געהן צום דאקטאר.

געהענדיג האט ער איבערגעווארפען אין קאפ אלע זיינע חלאת׳ען און זיך אליין מישב געווען, אויף וואס זאל ער פרע־גען, בעסער פאר אלץ וואלט ער וועלען האבען א רפואה צו זיין חלאת, וואס עס האט זיך ביי איהם די לעצטע צייט בעווי־זען: ער קאן אין באד אויפ׳ן פאל די פארע ניט פערנעהמען. עס פערכאפט איהם גלייך דעם אטעם און ער מוז ארויסלויפען צו־ריק אין דער קאלטער באד. ער האט אזוי ליעב פארע!... און בלאט איז דאך גאר מעשה איינגעל... אמאל איז ער געווען פון די ערסטע, וואס פלעגען אויף דער אויבערסטער באנק זיצען און שרייען: פא־דאוואי פארו!... איצט איז ער איגנאנצען אראב פון זיין גדולה: אויף דער סאמע אונטערסטער באנק זעצט ער זיך צו, און דאס גאר אויף א ווייל — ער מוז גלייך אנטלוי־פען...

אבער צי איז דאס א חלאת? עס קאן זיין, אז דער דאק־טאר וועט גאר לאכען דערפון... עס איז א ריזיקע צו פרעגען דאס ערשטע מאל וועגען אזא זאך.

און ער בעשליסט, אז וועגען דעם וועט ער פרעגען, אז ער וועט געהען צו דאקטוירים עטליכע מאל און וועט ווערען גענים.

דאס ערשטע מאל דארף מען פרעגען וועגען אן איידעלע קרענק: וועגען מאגען. עפעס שוין א צייט, אז ווי ער עסט נאר אב בולבע מיט ראסעל, שטעהט איהם מאדנע אונטער׳ן לע־פעלע, ערשט, אז ער עסט אב מיטאג, און לעגט זיך צו אויף א האלבע שעה, ווערט איהם אביסעל לייכטער, אבער אונטער׳ן לעפעלע דריקט אלץ...

— יא, דאס איז אן איידעלע קרענק! — בעשליסט ער־

און א וויכטיגע. עס איז דא וואס אנצוטעהמען. און שפעטער, איז עטליכע וואכען ארום, וועט ער פרעגען אויפ'ן „קאפ“, אויפ'ן הארץ, אויפ'ן שטעכדיגען קאטער, וואס ער האט, אויף דעם גראבען פינגער פון פוס, וואס זינט דער נאגעל האט זיך פון איהם אראבגעריסען, ווערט ער אלץ שווארצער און שווארצער...

— און נאכדעם וועל איך ערסט א פרעג טהאן וועגען דער באד — בעשליסט ער...

און יענקעל לאזט זיך גיכער געהען צום דאקטאר. „דער זייגער איז שוין שפעט“ טראכט ער, און דער טשאלענט קען קאלט ווערען — און ביי יענקלען א קאלטער טשאלענט איז א פערשטערטער שבת...

געקומען צום דאקטארס טיר, האט יענקעל דערזעהן צווי גלעקלעך, איינס, וויים ער, דארף מען קוועטשען און איינעם ציהען. און ניט וויסענדיג, וועלכער גלעקעל קלינגט צום דאק־טאר, האט ער אי געקוועטשט, אי געצויגען... און געקלונגען האט ער נאכאנאנד, ווייל איהם האט זיך אלץ גערדאכט, אז מען הערט ניט אינוועניג... די טיר האט זיך געעפענט מיט האסט. און א בייזע צורה פון א לאקיי האט זיך בעוויזען און א געשריי געטהאן:

— וואס איז דאס פאר א מין קלינגען ?... דוראק ? !..

— איך דארף צום דאקטאר.... איך בין א טשלען... און יענקעל האט גלייך ארויסגעכאפט דאס ביכעלע...

דער לאקיי איז ווייכער געווארען. ער האט א שמייכעל געטהאן און געהייסען איהםווארטען אין צווייטען צימער, ביז דער דאקטאר וועט איהם א רוף טהאן.

דער אויפנעהם־צימער איז געווען פול מיט פערשיעדענע מינים אידען אהן בערד, אידען מיט בערד און דערהויפט — ווייבער. געזעסען זיינען זיי אלע שטום און יעדער פערטיעפט אין זיין קראנקהייט... ווער ניט ווער, האט זיך נאר איבערגע־שושקעט אויפ'ן אויער. יענקלען איז אזא גרויסער און שוויי־

גענדרער עולם ניט געפעלען געווארען. עס איז איהם געווארען זיצענדיג באלד לאנגווייליג. ער האט זיך א ווענד געטהאן צום ערשטען בעסטען אידען און געפרעגט:

— איהר זייט אויך א טשלען?

— וואו? — האט דער איד אויסגעשטעלט פערוואונדערט די אויגען.

— אין „רופאי חולים“!

— לאזט צו רוהה... — האט זיך דער איד אבגעקעהרט.

— א בעל גאוה! — האט יענקעל א טראכט געטהאן און האט חרטה געהאט, וואס ער האט מיט איהם גאר אנגעהויבען: אויפ׳ן קוק, דאכט זיך, האט יענער אויסגעזעהען א צוגעלאזע־גער...

און ער האט שוין מעהר מיט קיינעם ניט גערעדט. ער האט נאר מיט גרויס אונגעדולד געקוקט אויף דער טיר, וועלכע האט געפיהרט צום דאקטאר. נאך יעדען מאל, ווען די טיר פלעגט זיך עפענען, פלעגט ער זיך אויפשטעלען, א טאפ טהאן דאס ביכעל — און זיך לאזען געהן, נאר דער לאקיי, א רוח אין איהם, פלעגט איהם מיט א בייזקייט אבשטעלען, זאגענדיג:

— ווארט, האט צייט!

און פלעגט א צווייטען דורכלאזען.

און יענקעל איז געבליעבען זיצען אין איינע שרעק: נאט וויים, וואס מיט דעם טשאלענט וועט דארטען ווערען... מען וועט איהם אין מויל ניט קאנען נעמען...

ענדליך איז ארוים פון דאקטארס צימער דער לעצטער חולה. יענקלען איז ווי א משא פון די פלייצעס אראבגעפאלען. ווארום די אלע בעזוכער זיינען ניט אויף שטוהלען, נאר זוי אויף איהם געזעסען, — אזוי האט זיך איהם געצויגען די צייט.

צוטומעלט און צוטראגען, האלטענדיג אין האנד דאס בי־כעלע מיט׳ן שטעמפעל „רופאי חולים“, איז ער אריין צום דאק־

טאר און האט זיך תמ׳עוואטע אנידערגעשטעלט אין מיטען צימער.

דער דאקטאר איז געזעסען אויף א שטוהל, האט געקוקט אויפ׳ן פאציענט, געגענעצט הויך און האט ענדליך, ווי דורך די צייהען, דורכגעזייהט:

— וואס טוט וועה?...

— דער מאגען... עס שטעהט אונטער׳ן לעפעלע... — האט יענקעל הערשראקען געענטפערט.

— שוין לאנג?...—האט דער דאקטאר ווייטער, נאכדעם ווי ער האט א גענעץ געטהאן, געפרעגט:

— אָ, שוין א צייט! — האט יענקעל שוין ווי מיט א שטאלץ געענטפערט — עס וועט זיין א יאהר צעהן...

דער דאקטאר האט איהם צוגערופען נעהענטער, א טאפ געטהאן דעם בויך, א קוק געטהאן אין די אויגען, און געזאגט:

— אבהיטען זיך מיט׳ן עסען... עסען אלץ פרישע... ניט עסען די שבת׳דיגע מאכלים אייערע: קוגעל... קאשע...

— הא? — האט יענקעל אויסגעשטעלט דערשראקען די אויגען.

— נו, וואס פערשטעהט איהר ניט? — קיין טשאלענט ניט עסען. — האט דער דאקטאר דייטליכער ערקלערט...

— פאני דאקטאר — וואס הייסט? — האט יענקעל אנ־געהויבען בעטען זיך ווי צומישטערהייט...— טשאלענט... וואס הייסט טשאלענט... ביי מיר איז גוטער טשאלענט.... הייסער... אדרבא...

—איהר טארט ניט עסען קיין טשאלענט, זאג איך אייך!— איז דער דאקטאר אריין אין כעס — און געהט אייך!

— האט קיין פאראיבעל ניט... — האט יענקעל גענומען ציטערען. — איך בין א פראסטער מענש... איך הארעווע א גאנצע וואך... ביי מיר איז טשאלענט...

נאָר יענקעל האָט שוין ניט געהאַט פאַר וועמען צו רע־רען: דער דאָקטאָר איז שוין ניט געווען...

געקומען א היים. איז דאָס ווייב אויף יענקלען ארויפגע־פאַלען:

— וואו ביזט דו דאָס געווען? דער טשאָלענט איז אודאי שוין קאַלט געוואָרען.

— וואו זאָל מען זיין — זיך פערדרעדט אין בית־מדרש... האָט יענקעל פערשולדיגט געענטפערט... — אָט גהע איך זיך וואַשען.

דער טשאָלענט איז גראָד געווען היים, נאָר עסענדיג איהם, האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער עסט ניט קיין טשאָלענט, נאָר עפּעס א טרפ׳ע זאך און יעדער לעפּעל קאַשע און יעדער ביסען קוגעל האָט זיך איהם געשטעלט אין האַלז און געוואָרגען איהם.

— ווער ווייס — האָט ער געטראַכט — וואָס איך קען נאָך אָנמאַכען: וואָס הייסט — ניט פאָלגען א דאָקטאָר!...

און ער האָט פון גאַנצען הארצען חרטה געהאַט אויף זיין אויפטהו: איינשרייבען זיך אין „רופאי־חולים“.

— צו וואָס האָב איך געדאַרפט האָבען צו טהאָן מיט די דאָקטוירים — האָט ער זיך גע׳מוסר׳ט...

# דאָס אייביגע לעבען.

נאָך איינגעלוויין, אז ער האָט געהייסען, ניט ווי יעצט ר׳ בער, נאָר בערעלע, האָט ער זעהט אָפט געטראַכט וועגען טויט. אז ער האָט געלערנט די מעשה פון אָדם וחוה, האָט ער זיך שטאַרק אויפגערעגט און עס האָט איהם געאַרט, וואָס אדם וחוה האָבען בעסער ניט געגעסען פון עץ החיים, איידער פון עץ הדעת. אז זיי וואָלטען א סך געלעבט, וואָלטען זיי סיי ווי סיי קלוג געווען — האָט ער געטראַכט דאמאָלס, און אפילו, אז זיי וואָלטען קיינמאָל ניט קלוג געוואָרען, וואָלט אויך קיין אונגליק ניט געווען, אבי אייביג לעבען, בפרט, אז זיי האָבען געקענט עסען אי פון עץ הדעת, אי פון עץ החיים — א געשעפט אָבצור־רייסען אן עפּעל, בשעת די מלאכים מיט די צווייזייטיגע שווער־דען פערקוקען זיך? איהם וואָלטען זיי שוין ניט איינגעהיט. ער וואָלט שוין וניסען ווי אזוי אראָבצורייסען אן עפּעל. אי גאָט וואָלט זיך ווידער געבייזערט, נאָר וואָס וואָלט גאָט דאַ־מאָלס געקענט מאַכען? אז מען לעבט אייביג קען מען שוין לאַכען פון אַלץ, וואָס קען גאָט טהאָן מיט א מענשען וואָס לעבט אייביג! אזא מענשען קען מען ניט סטראַשען מיט׳ן גיהנום, מיט שווערע ארביט; צו א מענשען וואָס לעבט אייביג קען מען גאָר ניט צושטעהן — אזוי ווי צו גאָט אליין. יעדערער וואָלט דאן געווען א גאָט! — פלעגט בערעלע ענדיגען זיינע רעיונות. און דעם אמת געזאָגט האָט ער בשעת די דאָזיגע גע־דאַנקען ניט שטאַרק געהאַלטען פון גאָט, ניט שטאַרק צופריעדען געווען מיט דער גאַנצער וועלט־שאַפונג. אמת טאַקי אין זעקס טעג האָט ער בעשאַפען די זון מיט די שטערען, מיט האַק און

פאַק, אבער וואָס טויג דאָס אַלץ, אַז מען דאַרף שטאַרבען און דאָס אַלץ פאַרלאָזען. אַט למשל איז ביי בערעלען געווען אַ קליין שוועסטערל, דינה׳לע, ער האָט זי אַזוי ליעב געהאַט, און זי האָט אפילו ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ זון מיט אַ לבנה מיט שטערען מיט פייגעלעך — צו צוויי יאָהר איז זי געשטאָר־בען און פאַר איהר האָט גאָט גאָר נישט בעשאַפען, מעהר ניט ווי דעם מלאך־המות, וואָס הלואי וואָלט ער ניט בעשאַפען געוואָרען.

שפּעטער אָבער פאָהרט בערעל אריין אין די ווייטערדיגע סדרות, ער לערנט פרשת נח, וואו גאָט ווייזט זיך ארויס ניט נאָר פאַר אַ בעשעפער נאָר פאַר אַ בייזען צושטערער, נעהמט אין מי־טען דערינען און ברענגט אַ מבול אויף דער וועלט און מאַכט אַלץ חרוב. דעם אמת געזאָגט איז דאָס בערעלען ניט געפעלען. ער, בערעלע, אַז ער בויט אויס אַ שטיבעלע פון קאַרטען און עס פאַלט איין, טהוט איהם וועה דאָס האַרץ, כאָטש ער איז ניט שולדיג — דאָס שטיבעלע איז פון זיך אַליין איינגעפאַלען, און גאָט נעהמט אַזאַ וועלט און מיט די אייגענע הענד מאַכט ער עס חרוב, פערטרינקט עס. אָבער שטאַרק אריינלאָזען זיך אין דעם דאָזיגען ענין האָט שוין בערעלע קיין חשק ניט. מיט אַזאַ גאָט איז שוין אַ מורא אָנצוהויבען זיך. אָבער דאָך ווייס ער, אַז אַלץ איז שולדיג דער טויט. ווען אדם והוה וואָלטען ניט געגעסען פון עץ הדעת, אָדער וואָלטען זיי אָראָבגע׳גנב׳עט אַן עפּעל אויך פון עץ החיים, וואָלט מען געלאָכט פון מבול: ווי באַלד, אַז מען לעבט אייביג, טאָ וואָס קען טהאָן אַ מבול?

נאָך שפּעטער געהט ער אריין אין די נאָך ווייטערדיגע סדרות. ער ווערט שוין מיט גאָט גאָר גוט בעקאַנט, ער קען איהם דורך און דורך: ס׳איז אַ בייזער, אַ שרעקליך בייזער. ס׳איז ניט נאָר אַ מורא צו זאָגען עפּעס אויף איהם, נאָר פשוט צו טראַכטען. ער ווייס אַלץ, וואָס קומט פאָר אין האַרצען און פאַר יעדער קליינינקייט שטראָפט ער.

וועגען דעם טויט טראַכט שוין דאַמאָלס בערעל ווייניגער. אביסעל ווערט ער מיט׳ן געדאַנק געוועהנט, און אביסעל פאַר־שפּיעלט ער זיך מיט חדר־אינגלעך: געהט זומער אין וואַלד, ווינטער אויפ׳ן גליטש און זעהט געניסען פון דעם קורצען לע־בען ווי פיעל עס לאָזט זיך און פערגעסט ביסלעכווייז אַז אדם מיט חוה׳ן, אַז עץ הדעת און עץ החיים.

איצטער הייסט ער שוין ר׳ בער, א איד א פופציגער, האָט שוין אויסגעגעבען קידער, לעבט רוהיג פון א קראָם, וועלכע עס פיהרט זיין ווייב. ער אליין זיצט איבער זיינע ספרים און לערנט, גריבעלט און זוכט...

און וואָס מעהר ער לערנט, גריבעלט און זוכט, אלץ מעהר ספיקות, אלץ מעהר קשיות, אלץ מעהר מחשבות ערוועקען זיך אין איהם: דער עיקר אבער לאָזט איהם ניט אָב די מחשבה פון טויט. ער דערמאָנט זיך, אַז, דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג איז ער א קליין אינגעלע געווען, געלערנט די מעשה מיט אדם וחוה און אָט איז ער שוין יעצט 50 יאָהר. אז ער זאָל שוין אויסלע־בען די יאָהרען ווי אין פסוק שטעהט: אם בגבורה שמינים שנה, העכסטענס אכציג יאָהר, איז איהם אויך סך הכל געבליע־בען א 30 יעהרעלעך. אלץ ווייניגער ווי ביז אהער געלעבט. און נאָך שנעלער וועלען זיי פערשווינדען...

ער בערוהיגט זיך אפילו אמאָל, אז דאָס אייביגע לעבען הייבט זיך ערשט אָן אויף יענער וועלט: ס׳איז אודאי א גרויסע נחמה. נאָר וואו נעהמט מען דעם אמת׳ען רייגעם גלויבען דע־רין? ווארום נאָך אלע זאכען, נאָך זיין גאַנצער פרומקייט און תמימות גלויבט ער דאָך מעהר אוים מורא, ווי אוים גלויבען. בפרט זייט ער האָט אריינגעקוקט אין א פּאָר פרייע העברעאי־שע ספרים, וואָס האָבען איהם אזוי צורודערט די מחשבות, איז דער גלויבען אזוי ניט עכט, אזוי געשאַרט, אזוי וואַקעלדיג...

ער ראַטעוועט זיך מיט ספרים, מיט׳ן פעדאָז. מיט׳ן תורת אל מות, מיט א ספר פון א גלח פון חסידי אומות העולם, וועל־

כען ער האָט אויסגעשריעבען אזש פון ווארשע, וואָס ווייזט אויף, אז ס'איז יאָ דאָ א יענע וועלט... די אַלע ספרים שטעהען אבער ניט צו צו זיין נשמה, זיי בערוהיגען זי ניט. די נשמה צאַפּעלט אַלץ און פלאַטערט, ווי א פייגעלע אין א גרויסען פראָסט... נאָך אַלע ספרים און נאָך אַלע הבטחות, וויל דער שווארצער בעגלייטער — דער געדאנק פון טויט — ניט אבטרעטען פון איהם אויף א שריט און די פראַזע: בער, דו וועסט שטארבען! קלינגט איהם אין די אויערען ווי א שווארץ גלעקעל פון ערגעץ א ווייטען פערשאָלטענעם לאַנד...

— אמאָל — דערמאָנט ער זיך — האָט ער געלעזען א מעשה'לע — אויף עברי־טייטש, ס'איז אבער געווען זעהר א שעהן מעשה'לע, געקויפט האָט ער עס פאר דער ווייב. זי זיצט א גאַנצען טאָג אין קראָם, זאָל זי האָבען וואָס צו לעזען, א אַנדערנע האָט דאָך אויך א חשק אין עפּעס אריינצוקוקען. דאָס דאָזיגע מעשה'לע האָט ער נאָכדעם אַליין דורכגעלעזען. ס'איז געווען שוין זעהר לאַנג, דאָך געדענקט ער, אז דאָרט האָט זיך עפּעס דערצעהלט, ווי אזוי איינער האָט זיך געלאָזען ערגעץ ווייט, ווייט צו א קוואַל, וואָס אז מען טרינקט פון איהם לעבט מען אייביג... ער דערמאָנט זיך יעצט אָן דעם מעשה'לע און קען ניט געדענקען דעם סוף — האָט יענער געפונען דעם קוואַל צי ניט. עס איז נאַרישקייט — אויב יענער האָט אפילו געפונען, גלויבט ער אויך ניט אין קוואַל. ס'איז אבער ציקאַווע צו וויסען צי האָט ער געפונען. דאָס מעשה'לע אַליין איז גלאַט זעהר א שעהנס געווען... שוין עטליכע וואָכען, אז בער זוכט דאָס מעשה־לע צווישען זיינע דיקע ספרים און קען זי ניט געפינען.

— ווייסטו ניט, ביילע, וואו קען זיך ערגיץ וואַלגערען א מעשה'לע אויף עברי־טייטש? — האָט ער זיך שוין אבגעשעהמט און האָט א שבת בייטאָג א פרעג געטהאָן מיט א מאָדנעם טרויעריגען קול וועגען דעם זיין ווייב.

דאָס ווייב האָט איהם מאָדנע אנגעקוקט, ניט פערשטע־

הענדיג וועלכעס מעשה׳לע ער מיינט.

— איך ווייס ניט וועלכע מיינסטו.

— אט דאָס מעשה׳לע, ווי אזוי איינער א מענש האט זיך אמאָל געלאָזען זוכען א קוואל, וואָס אז מען טרינקט פון איהם לעבט מען אייביג.

— אהא! איך דערמאָן מיך! — האט ביילע געענטפערט און איהר פנים האט זיך ווי מיט שטראהלען בעשאָטען — יאָ, יאָ, איך דערמאָן מיך, ס׳איז געווען מאקי א שעהן מעשה׳לע. איך האָב עס דריי מאָל געלייענט...

— נו, נו, ווייסטו אפשר וואו ליעגט עס ערגעץ? — האט זיך בער אנגעכאפט מיט א בעהאלטענער שמחה.

— ווער ווייס? — האט ביילע געענטפערט — אודאי לאנג אויף דער וועלט ניטאָ.

—א שאָד! א שאָד! — האט בער באמת בעדויערט.—איך דארף דאָס גראד איצט האָבען.. און נאך א קליינער פויזע האט ער זיך געווענדט:

— געדענקסטו ניט, האט יענער געפונען דעם קוואל?

— אוי, דאָס האָב איך שוין פערגעסען — האט ביילע ווי פערשולדיגט געענטפערט.—דער קאָפּ איז אזוי פערדרעהט.

—א שאָד, וואָס די מעשה׳לע איז פערפאלען געוואָרען— האט בער ווידער בעדויערט און האט זיך ווידער גענומען זוכען צווישען די דיקע ספרים דאָס קליין ביכעלע פון קוואל פון אייביגען לעבען, מורמלענדיג דערביי:

— אפשר וועל איך פאָרט געפינען...

ער האט אבער ניט געפונען און ער האט עס אויסגעלעגט ניט צום גוטען...

## געבליבען אליין.

### 1.

זיצענדיג אויף א באנק אין זאקסישען גארטען, האב איך פאר לאנגוויילע ארויסגענומען פון מיין קעשענע די לעצטע נומער פון א אידישען בלאט און האב אריינגעקוקט אין איהם.

אויף דער זעלבער באנק, אביסעל אבגערוקט פון מיר, איז געזעסען א אידישע רייכע דאמע פון א יאהר 40 מיט א קליין־מיידעל, א טאכטערל, פון א יאהר 11—12.

אז איך פלעג מינוטענווייז אבווענדען מיינע אויגען פון בלאט און ניט ווילענדיג א קוק טהאן אויף מיינע צוויי חשוב'־דיגע שכנים, פלעג איך זעהען, ווי דאס קליינע מיידעלע שטעלט אויס איהרע גרויסע אויגען און קוקט דא אויף מיר, דא אויפ'ן בלאט.

נאך איהרע בליקען איז מיר געווען לייכט צו דערקענען, אז דאס בלאט איז איהר פרעמד, זי האט אזעלכע ווילדע אותיות קיינמאל ניט געזעהן... יעדער בליק איהרער האט קינ־דעריש פערוואונדערט געפרעגט: וואס איז דאס אזוינס? עפעס ניט קיין רוסיש, ניט קיין פויליש און ניט קיין דייטש?...

און באלד האב איך דערהערט איהר דייטליכע פראגע אין ריין פויליש.

— מאמעניא, צא טען פאן טשיטא?

איך האב א קוק געטהאן אויף די מוטער, אויף די רייכע דאמע און האב דערזעהן, ווי איהר ווייס געזיכט איז דונקלער געווארען און איהר לאנגער נאז האט זיך פערקרימט אין א זייט; און גלייך נאך דעם האב איך דערהערט א קורצען ברוגז'־דיגען ענטפער:

— ניץ!

דאָס מיידעלע איז אַבער, ווי אַ רייך, געפּעסטעט קינד, איינגעשפּאַרט געוועזן און האָט דורכאויס געפאָדערט, אַז די מאַמע זאָל איהר זאָגען, וואָס איך לעז אזוינס.

נאָר די מוטער האָט מיט כעס געשאַרט דעם זאָמר מיט איהר זיידענעם שירם, זיך געבייזערט און ניט געזאָגט, אַזוי ווי זי וואָלט מורא האָבען, מיט'ן אויסזאָגען איהר מויל אומריין מאַכען.

דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט. עפּעס אַן אַלטע וואונד האָט זיך אין מיר אָבגערופען און האָט שרעקליך וועה געטהאָן, גענאַגט און געצופּט... און פּלוצים, איך ווייס ניט ווי אַזוי, האָט זיך ביי מיר ווי מיט גוואַלט ארויסגעריסען אַן ענטפער:

— טאַ יעסט זשידאָווסקאַ גאַזעטאַ!...

און איידער איך האָב צייט געהאַט זיך אומצוקוקען, וואָס פאַר איין איינדרוק מיין ענטפער האָט געמאַכט, איז שוין די דאַמע מיט'ן מיידעלע פערשוואונדען געוואָרען אין אַ צווייטער אַלעע...

איך בין געבליעבען אַליין...

וואַרשוי 1900.

---

2.

## ניט קיין איד.

איך געה אין גאַס. ניט ווייט פון מיר געהען צוויי אידישע אינגלעך אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך און שמועסען פרעהליך.

און אָט זעה איך, ווי איינער פון זיי הויבט אויף דאָס הענטעל און ווייזט אָן מיט אַ פינגער אויפ'ן אַלטען פּאָליציס־

טען, וואס שטעהט אין מיטען נאס און גיט אכטונג אויף די ארדענונג.

— דאס איז א אידישער סטאיקאווע! — השר איך ווי ער זאגט מיט קינדערשען שטאלץ, און זיינע שווארצע אייגעלעך גלאנצען פאר פרייד.

דאס צווייטע אינגעלע קוקט אז זיין חבר ווילד, קען ניט גלויבען און לאכט:

— חע—חע—חע! א אידישער סטאיקאווע!... משוגע־נער יאסקע! א איד טאר ניט זיין קיין סטאיקאווע...

דאס ערשטע אינגעלע, דער משוגענער יאסקע, האלט זיך אבער ביי זיינס און שווערט מיט אלע כחות:

— אוי, זאל יאך אזוי געזונד זיין! ער דאווענט אפילו אלע שבת ביי אונז אין קלייזעל, ער שאקעלט זיך אזוי!...

— ס'א ליגען! שפארט זיך דאס צווייטע אינגעלע, אבער שוין אביסעל שוואכער: דעם חבר'ס הייסע שבועה, און דער פאקט, אז ער זעהט איהם אלע שבת אין קלייזעל, האבען גע־ווירקט אויף איהם.

און דאס ערשטע אינגעלע בעשטעטיגט נאך שטארקער זיינע ווערטער דערמיט, וואס הער אלטער סטאיקאווע טראגט א בארד:

— זעהסט סארנע לאנגע בארד!

דאס ווירקט שוין אין גאנצען און דאס צווייטע אינגעלע שרייט אוים פרעהליך:

— אוי, טאקע, טאקע! אי וועה א איד א פאליציימאן! איך וועל עס פערצעהלען אלע אינגלעך אין חדר!

אויפ'ן טראטואר געהט דערווייל דורך א אידישער טרע־גער מיט א גרויסען קאסטען אויפ'ן פלייצע. דער פאליציסט שריים פון ווייטען:

— אראב פון טראטואר!

דער איד הערט ניט.

און דער פאליציסט לויפט צו צום טרעגער מיט איםפעט, פיהרט איהם אראב פון טראטואר און בעגלייט איהם מיט זיד־לעריי און סטראשעט איהם מיט'ן צערקיל.

— גיט קיין איד! גיט קיין איד! — צוזינגט זיך אומע־טעג דאס צווייטע אינגעלע — ער טרייבט א אידען!... ניט קיין איד, איך האב געזאגט...

דאס ערשטע אינגעלע קוקט טרויריג אויפ'ן פאליציסטען און קען גאר נישט ענטפערען...

ווארשוי 1900.

---

3.

## אין א אידיש געוועלב.

איך געה אריין אין א אידיש געוועלב און בעט איין אכ־טעלע טהעע, אמת'ע פאפאוו'ס.

— ווי דען, ווי דען? — ענטפערט מיר א איד אין א לאנ־גער קאפאטע — אודאי אמת'ע! ביי מיר איז גאר קיין פאלשע גיטא, איך האלט עס ניט!

ער דערלאנגט מיר איין אכטעלע טהעע, איך בעטראכט עס פון אלע זייטען מיט ספיקות און פרעג איבער נאך אמאל:

— עס איז געוויס אמת'ע פאפאוו'ס?

— א מאדנער מענש! — ווערט דער איד, ווי אין כעס — אז מען זאגט אייך געוויס, איז געוויס! איך וועל אייך דען אב־נארען? איך האב נאך קיינמאל א אידען ניט אבגענארט.

— נו, אז א איד זאגט, דארף מען איהם גלויבען, — ענט־פער איך מיט שטארקער אמונה אין א אידענס עהרליכקייט— א אידען גלויב איך שטענדיג.

אויפ'ן אידענס פנים בעווייזט זיך עפעס א מאדנער שמייכעל, ער גיט זיך א קראץ אין קאפ און זאגט ארויס:

— מילא, וואס זאל מען טהאן מיט אייך? אז איהר גלויבט אזוי אין א אידען, דארף מען אייך טאקע ניט אבנארען... ווייזט אהער דאס אכטעלע טהעע און נאכט אייך טאקע אמת'ע פאַ־פאוו'ס...

---

## 4.

## דער פאלשער טאַז.

די נאכט־קאפע, איין איינער פון די רוישענדע גאסען פון שטאדט איז פול מיט געסט. עס איז צוויי דער זייגער ביי נאכט, נאר ווענען שלאפען קלערט דא קיינער ניט. דא שפּיעלט די נא־טור זעהר א קליינע ראלע, מיט איהר קעמפען דער וויין, דער שווארצער קאווע און די מוזיק.

אין קאפע הויז איז רוישענד און פרעהליך.

ארום מארמארנע טישלעך זיצען געסט: פרויען מיט מע־נער. די פרויען אין גרויסע היט מיט פיעל פעדערן און בלו־מען — פאלשע, געקינסטעלטע. די געזיכטער זיינען, לויט גע־שמאק — ביי מאנכע ווייס, ביי מאנכע רויט, אבער דיביידע פארבען זיינען פאלשע, געקינסטעלטע... די מענער, וואס זיצען נעבען די פרויען, זיינען, חאטש האלב אדער גאנץ פער'שכור'ט, העפליך, נאר די העפליכקייט איז פאלש און געקינסטעלט. זיי רעדען פון ליעבע, בשעת זיי טראכטען פון דעם געמיינסטען פערגניגען.

און די פרויען לאכען פרעהליך און העל און קלינגענדיג.

נאר דאס לאכען איז א פאלשעס, א געמאכטעס, אינוועניג אין הארץ טאטשעט זיי אפּעס א געדאנק, אז דער סוף זייערער איז פערפוילונג, הקדש און טויט...

און דער וויין, וואס מען טרינקט דא, איז פאלש, און דער שאמפאניער איז פאלש, און מאנכע מטבעות, וואס מען רוקט

אריין דעם קעלנער אין טומעל, זיינען אויך פאלש און פאלש...

קיינער ווייס דאס אבער ניט. ווער האט צייט צו בעטראכ־טען? די נאכט איז אזוי קורץ און די תאוות זיינען אזוי פיעל און אזוי גרויס.

אויפ'ן עסטראדע, ניט ווייט פון בופעט, וואו עס זיצט א פערפודערטע קאסירערין, שפיעלט דער ארקעסטער. די מוזיקאנ־טען זיינען האלב בשרוישט. די גוטע געסט פערגעסען זיי ניט, און מען איז זיי מכבד פון צייט צו צייט מיט משקה. דער דירי־זשאר אבער איז ניכטער און אנגעשטרענגט. טריי, איבערגעגע־בען, מאכט ער אום מיט זיין שטעקעלע, איינהערענדיג זיך אין יעדען טאן.

פלוצים שפרינגט ער אויף, ווי יעמאנד וואלט איהם געבי־סען:

— בע—מאל! פאלש!

און אבשפיעלענדיג דאס שטיק, ווענדט ער זיך צום מוזי־קאנט, וואס האט זיך טועה געוועזן, און מוסר'ט איהם און מוסר'ט איהם...

און דער מוזיקאנט פיהלט זיך אזוי שולדיג, אזוי שולדיג, און לאזט אראב די אויגען....

דער איינציגער אין דעם נאכט־קאפע...

---

5.

ר ח מ נ ו ת.

איך האב אמאל מיט מיינעם א חבר דיספוטירט וועגען רחמנות. דער חבר האט מיר געוואלט אויפווייזען, אז רחמנות שטאמט אויך פון עגאאיזם, און אט וואס ער האט מיר דער־צעהלט:

„איך בין געגאנגען אין דער ארימער רוישענדער גאס,

וואָס וואָלט געקענט דערמאָהנען אַז אַ מוראַווניק אין וואַלד, ווען די מענשען וואָלטען ניט אַזוי אומריין און די גאַס וואָלט ניט אַזוי שמוציג געווען. די גאַס האָט ניט פאַרגעשטעלט אַ בילד פון לעבעדיגע ברואים, וואָס ראַנגלען זיך, אום צו לעבען, צו געניסען, נאָר אַ געטימעל פון עפּעס בעשעפּענישען, וואָס לויפען אום דערשלאָגענע און צוטומעלטע, ווי פון אַ ידיעה, אַז זיי דאַרפען אַלע באַלד אויסשטאַרבען, און זיי זוכען מיטלען, ווי אַזוי אויסצומיידען דעם טויט, פאַר וועלכען זיי האָבען אַזוי מורא. דאָס זעהט זיך אַרויס דייטליך פון די דערשראָקענע אויגען זייערע, פון די בלייכע פּנים'ער. —

אין דער צייט האָב איך בעמערקט, ווי איך געה נאָך, פּונקט ווי איך וואָלט איהם בעגלייט, אַ אינגעלע פון אַ יאָהר 14—15, אין אַ צעריסענער לאַנגער קאַפּאָטע, מיט צעריסענע שטיוועלעך, וואָס האָבען ערוועקט אַ וואונדער, ווי אַזוי פאַלען די קליינע פיס ניט אַרויס פון אַזוינע גרויסע לעכער. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ גרויסען קאַרב מיט זעמעל, קענטיג אַ בעקער. ער איז געגאַנגען געשווינד, פּונקט ווי די זעמעל האָט ער טאַקע געטראָגען פאַר אַזוינע, וואָס האָבען ניט וואָס צו עסען און קוקען נאָר אויף איהם אַרויס.

קוקענדיג אויף איהם האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס אָרים אינגעלע אין זיין צעריסענע קאַפּאָטע און שטיוועלעך ווינטער צייט, מיט דעם גרויסען קאַרב אויפ'ן קאָפּ, האַלטענדיג איהם אין דער הויך מיט די ביידע דאַרע הענטלעך, אַז אָט דאָס אינגעלע דאַרף זעהר אונגליקליך זיין. עס האָט עפּעס זיך ערוועקט אין מיר אַ געפיהל, וואָס האָט מיך געטריעבען צום אינגעלע אונטער געהן און טרייסטען איהם.

— אַ רחמנות, אַזאַ אונגליקליך בעשעפעניש, וואָס האָט עס געבעך אין לעבען? ניט עס ווען אַ לאַך, אַ זונג, אַ שפּרונג? פערוואַגעלטע! האָב איך געטראַכט, און האָב שוין געוואָלט אָבשטעלען איהם, עפּעס אַ פרעג טהאָן איהם, טרייסטען איהם,

זאָל ער ניט מיינען אז ער איז אזוי אומגליקליך... ביי איהם וועט דאָך א וואָרם וואָרט אזוי אָנגעלעגט זיין, פון זועמען הערט ער עס? פון זיין בעל־הבית אודאי ניט. און אויסער דעם בעל־הבית — וועמען האָט ער אויף דער וועלט! און איך האָב שוין געוואָלט צוגעהן צו איהם און אָנהויבען מיין „גוטסקייט" בע־ווייזען. נאָר מיין גוטען ווילען האָט אין מיטען איבערגעריסען עפּעס א פּרעהליך געזאַנג, וואָס האָט פּערהילכט דעם גאַנצען טראָטואַר און אָנגעפילט די דיקע לופט מיט יונגע פרעהליכע־טענער.

ווער זינגט עס אזוי שעהן, אזוי פרעהליך?... עפּעס גלויבט זיך מיר ניט, דאַכט זיך דאָס איגנעלע מיט'ן קאָרב — עס קען ניט זיין. ער איז משוגע געוואָרען. וואָס? נאָר געזונגען האָט עס טאַקע דאָס אינגעלע מיט דער צעריסענע קאַפּאָטע, מיט די צע־ריסענע שטיוועלעך אין ווינטער, מיט דעם גרויסען קאָרב זעמעל אויפ'ן קאָפּ. ער האָט געזונגען פרעהליך און לוסטיג, אזוי, אז רחמנות האָבען אויף איהם איז גאָר ניט געווען צום אָרט און צו דער צייט. איך בין געבליעבען מיט מיין „רחמנות" ווי אין דער לופטען, ניט וויסענדיג וואו אהין צו טהאָן עס; איך האָב זיך געפיהלט ווי א סוחר, וואָס האָט גערעכענט אויסברענגען א גוט שטיקעל סחורה און האָט ניט געפונען קיין בעלנים..."

— און דו וועסט גלויבען, האָט מיין חבר געענדיגט מיט א טרוקענעם שמייכעלע, עס האָט מיר די מעשה פערדראָסען. ס'טייטש? א י ך האָב אויף דיר רחמנות, א י ך בין אזא גוטער און ד ו זינגסט!...

## 6.

## הנאה געהאַט.

חיים בער איז א איד א נגיד, געהט אָנגעטהאָן זוי א נגיד, און אָרימע לייט, וואָס שטעהען אויף די גאַסען, שטעלען

איהם שטענדיג אַב, יעדער אויף זיין נוסח.

חיים בער קען זיי שוין אלע מיט זייערע מומים, מיט זייערע מינעס, מיט זייערע קללות. ער האָט זיי פיינד, ווי דעם טוידט, זיי עקלען איהם אלע, אלע. אפילו דער איד, וואָס האָט קיין ברעקעל פּוס ניט, וואָס שאַרט זיך נאָר אויף די זייטען; אפילו דער איד מיט דער ווילד־אויסגעדרעהטער האנד; אפילו דער בלינדער, וואָס בעט די נדבה ווי אַן אויטאָמאַט, אפילו דאָס קליינע אינגעלע, וואָס שרייט אין פלוג אזוי קלינגענדיג שעהן:

— ר' איד, א געזונד אין אייך, שענקט א קאָפּיקע — איך וויל עסען...

אלע, אלע עקלען איהם.

אמאָל גיט ער זיי אפילו א קאָפּיקע, אמאָל א פיערער (רעשט געמען פון זיי איבעלט ער זיך), אבער ניט פון רחמנות וועגען, ניט ווייל עס האָט איהם געריהרט. נאָר אזוי — אָפּטשעפּען זיך, אפשר וועלען זיי דעם אנדער מאָל ניט בעטען. און געבען די נדבה, גיעט ער פאַרזיכטיג, זיין האנד זאָל זיך ניט אָנריהרען אָן דעם בעטלער, און צוליעב דער דאָזיגער פאַרזיכטיגקייט, פאַלט דאָס רוב די מטבע אראָב אויף דר'ערד און דער בעטלער זוכט זי, ווער ווייס, וואו ער געפינט זי, — אמאָל אין רינשטאָק.

נאָר חיים בער איז דאַמאָלס שוין ווייט, און ער מורמעלט:

— געהט צום טייוועל!

און נאָך יעדער נדבה געבען פיהלט ער זיך, ווי ער האָט א מיאוס'ע זאַך אָבגעטהאָן און שפּייט אויס.

נאָר מעהר פון אלע אָרימע לייט האָט ער פיינד די אידע־נע, וואָס שטעהט ביי דער רייכער רעסטאָראַציע. אין פלוג א שעהנע אידענע פון א יאָהר פופציג, געהט געקליידעט ניש־קשה'דיג, כמעט בעלי־בתיש, אין נאָך גאָר ניט קיין שלעכטער

פאטשיילע. בעט א נדבה, דאכט זיך, נאר בנעימות'דיג, מיט א ניגון'דעל, מיט א צובראכענקייט:

— שענקט, ר' איד, א נדבה, האט רחמנות...

און אט דער אידענע — ער ווייסט ניט פאר וואס — האט ער בעזונדערס פיינד, און אנשטאט צו געבען איהר ווען א נדבה, ענטפערט ער איהר שטענדיג מיט א מאדנעם האס:

— געהט, געהט! לאזט צו רוה...

דער דאזיגער אידענע האט ער קיינמאל קיין נדבה געגע־בען... וואס האט ער צו איהר? איין גאט ווייס!...

און די דאזיגע אידענע, צי זי דערקענט איהם, צי זי מאכט זיך ניט דערקענען, בעט שטענדיג, ווען זי זעהט איהם דורכגעהן:

— שענקט, ר' איד, א נדבה, האט רחמנות!...

נאר ער גיעט איהר קיינמאל ניט... קיינמאל ניט!..

איינמאל איז געווען א גרויסער פראסט, חיים בער, אנגע־טהאן אין דעם גרויסעןווארעמען פוטער, איז געגאנגען אין גאס, די ארימע לייט, וואס זיינען צוליעב דעם פראסט ווייניגער געווען, האט ער ניט בעמערקט, צי אפשר האבען זיי איהם פאר קעלט ניט בעמערקט. געגאנגען איז ער גיך, ניט ווי זיין שטייגער, און צוקומענדיג צו דער רעסטאראציע, וואו די אידענע איז געשטאנען, האט ער דעם טריט נאך פערגרעסערט.

הינטער זיך האט ער דערהערט א זיפץ און נאכדעם עפעס ווערטער און נאכדעם ווידער א זיפץ. ער האט זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט און האט דערזעהן געבען זיך די אידענע, זי איז איהם נאכגעלאפען און געשריען:

— גזלנים! שענקט א נדבה.

ער האט זיך אבגעשטעלט.

קעגען איהם איז געשטאנען די אידענע און האט געיאמערט הויך און די טרערען האבען געפרוירען אונטער די אויגען.

— שא, וואס וויינט איהר?... וויינט ניט — האט חיים בער ווי איז כעס גע'מוסר'ט.

און ער האָט זיך גענומען גראַבלען אין טאַש, אָבקנעפּלענ־דיג דעם פוטער און סורדוט...

ער האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ זילבערנע מטבע און האָט איהר אַריינגעלעגט גלייך אין האַנד, און נאָך אַמאָל גע־זאָגט:

— וויינט ניט, וויינט ניט!

און האָט עפּעס געוואָרט.

נאָר די אידענע, ניט נתפּעל ווערענדיג פון דער זילבערנער מטבע, האָט געוויינט הויך און העכער, און ניט בעקומענדיג קיין ברכה פון איהר, ווי ער איז געוואָהנט פון די איבריגע אָרי־מע־לייט, איז חיים בער אוועק ווייטער.

גראַבלענדיג זיך אין טאַש אָבגעשפּילעוועטערהייד, איז איהם קאַלט געוואָרען, אויך האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער האָט די שפּיץ פינגער פון האַנד אָבגעפּרוירען, נאָר ער איז ניט בייז געוועזען, און עס האָט איהם ניט געעקעלט. דאָס ערשטע מאָל האָט חיים בער געפיהלט נאָך אַ נדבה אַזאַ גוט געפיהל.

— אַ קלייניגקייט, אַזאַ פראָסט! — האָט ער געטראַכט און דאָס ערשטע מאָל האָט חיים בער פון אַ נדבה אַ הנאה גע־האַט...

---

7.

## געשלאָסען אַ געשעפט.

אויף מאָרגען נאָך פּסח.

לייזער שטעהט ביי זיין קליין שטיבעל און קוקט אין דער וועלט אַריין. זיין קוק איז אַ דערשראָקענער, אַ פערצווייפעלטער. די ליעבע זון, וואָס שיט מיט שטראַהלען פון דער פולער האַנד, ווירקט ניט אויף איהם. פערקעהרט, דער שעהנער ליכטיגער טאָג רייצט איהם, לאַכט פון איהם, מאַכט חוזק פון זיין בלאַסען

איינגעשרומפענעם פנים, פון זיין קליין בערדיל, וואס האט שוין צו פיערציג יאהר פיעלע ווייסע האר, און דער היפש פון זיין סורדוט, וואס איז כלומר׳שט דער יום־טוב׳דיגער און האט סך הכל מיט צוויי לאטעס און מיט איין ריס ווענינער, ווי דער וואכענדיגער....

היינט, ווי וואלט נאך די זון געלאכט, ווען זי וואלט גע־וואוסט, וואס ביי איהם „טהוט זיך״ אין שטיבעל, אין קעשע־נע... און אפשר וואלט זי גאר קיין הארץ ניט האבען דאן צו לאכען. זי וואלט זיך פאר שרעק אודאי בעהאלטען, און זי וואלט דערמיט טאקי איהם א טובה געטהאן. זי וואלט איהם ניט אזוי געשטאכען מיט איהרע שטראהלען, זי וואלט איהם ניט אזוי געוועקט צום לעבען, ווען איהם איז געקומען ממש זיך אויס־צוציהען אין גאס און שטארבען.

עס איז אבער גרינג צו ריידען — אויסצוציהען זיך אין גאס און שטארבצען. קיין שלעכטע זאך וואלט דאס אפילו ניט גע־ווען — א סוף — אן עק, וויפיעל איז דער שיעור צו מוטשען זיך! אבער וואס טהוט מען מיט׳ן ווייב און קינדער! אויסצי־העז זיך אין גאס מיט 7 פארשוין, צווישען וועלכע עס געפינען זיך א פאר עופעלעך איז עפעס אביסעל צו שרייענדיג, ווער ווייסט וואס פאר א רעש עס וואלט געווארען אויפ׳ן הימעל פון אזא מעשה, און אפשר אויף דער ערד אויך...

וואס־זשע טהוט מען אבער פארט? אויף היינט אפילו איז נאך געבליעבען פון פסח עטליכע מצות, אביסעל מצה־פאר־פעל און אביסעל בולבע. אין דער פריה נאך האט ער געהערט, ווי זיין גרונע האט זיך גע׳חשבונ׳ט און בעשלאסען צו קאכען א טעפעל בולבע און פערזופען מיט מצה פארפיל. שלעכט איז דאס אפילו ניט, כמעט א יום־טוב׳דיגער „ווארעמס״, אבער דאס איז דאך נאר אויף היינט. וואס וועט ער אבער טהאן מארגען?

די קשיה איז א הארבע, א שווערע און איהר שפיץ איז מיט נאדלען אונגעשטעקט און די נאדלען שטעכען אין הארץ, אין

קאָפּ און אין אלע גליעדער. באַלד אָבער ווערט זי נאָך הארבער, נאָך שווערער, נאָך שטעכענדיגער: וואָס וועט ער טהאָן איבער מאָרגען און וואָס וועט ער טהאָן א גאַנצען זומער, דעם לאַנגען גרויסען זומער, אז קיין ארבייט קען ער ניט, קיין קראָם האָט ער ניט און האנדלען איז ניטאָ מיט וואָס און זומער איז ניטאָ וואָס צו האנדלען — טויט! .

און לייזער ווערט ניט אויף געלעכטער אין כעס און ברומט:

— א, ניט געדאַכט זאָל ער ווערען, דער זומער!...

און יענקיל־חנן דער מלמד איז אויך ניט אין א בעזונדערע גוטער שטימונג. די ווארימקייט איז אפילו צו זיין הוסט א שטי־קעל רפואה, אין א ווארעמען טאָג הוסט זיך לייכטער, און דער עצם הוסט איז א ווייכער, אזש אין דעם הוסטען אליין שטעקט א שטיקעל תענוג, פון דעסטוועגען איז פּאַרט ניט גוט, מיט׳ן הוסט אליין קען מען ניט לעבען, מען מוז האָבען דערצו א קנע־לונג, און זומער בעקומען א קנעלונג איז נאָך שווערער ווי ווינ־טער צו בעקומען די ליחה.

נאָר יענקיל־חנן איז א איד א בריה. ניט אומזיסט לעבט ער שוין 50 יאָהר אויף דער וועלט און הוסט שוין 35 יאָהר,— און ער לאָזט זיך ארוים אין גאס זוכען „קינדער".

און זוכענדיג, קומט ער צו צו לייזערן. א גליקליכע אידעע פליהט איהם דורך אין קאָפּ. סטייטש! לייזער האָט דאָך א איי־נעל, א חומש׳ניק. ער וועט צו איהם צושטעהן, ער זאָל איהם דאָס איינגעל אוועקגעבען. ער מוז איהם אוועקגעבען. פאר גליק גיעט ער א פּאָר מאָל א הוסט און געהט צו גלייך צו זיין קינפּ־טיגען שפּייזער, צו זיין „בעל הבית", צו לייזער׳ן, און נאָכ׳ן „גוט מאָרגען" פרעגט ער:

— ווי געפעלט אייך היינטיגער טאָג?

— ניט קיין מאוס׳ער טאָג! — ענטפערט לייזער.

— דוקא א שעהנער טאָג! — לויבט יענקעל חנן.

ער ווערט שטיל, ניעט איידעל א הוסט, מאכט גאר אן אנ־דער מינע און שטעהט צו גלייך צו דער זאך.

— וואס הערט זיך מיט אייער „בחור'ל“? האט ער שוין א מלמד?

— האבען האט ער... — ענטפערט לייזער און וויל שטאלץ זיין — גאר איך בין עפעס ניט צופריעדען.

— הייסט עס, האט ער דאך ניט — ווערט יענקיל מלא שמחה.

— אזוי ווי ניט! — איז זיך שוין לייזער האלב מודה.

— היינט וואס־זשע זוארט איהר? — ווערט שוין יענקיל חנן אין גאנצען פרעהליך; די האפנונג צו בעקומען דעם תלמיד איז שוין כמעט ווי ערפילט. און ער הוסט זיך שוין פערנאנדער, ווי געהעריג איז, ווי עס פאסט פאר א מלמד, וואס האט שוין באלד זיין חדר פאר פול.

ער פערגעסט דעם מקח, וויפיעל קינדער האלט ער אין חדר און ווי איז זיין שיטה אין לערנען. יענקיל־חנן ענטפערט אזוי, אז לייזער איז אין גאנצען צופריעדען, און נאך א קורצען ישוב־הדעת זאגט ער ארויס מיט א ברייטקייט:

— מילא, איך וועט נעהן צו אייך!

— און איהר וועט זיין צופריעדען! — פערזיכערט יענ־קיל חנן און וויינט שיעור ניט פאר שמחה...

און אז דער מלמד גערט א גליקליכער אוועק, ווערט לייזער אויך רוהיגער און האלב שמייכלענדיג, האלב וויינענדיג ברומט ער ארויס:

— געשלאסען א געשעפט...

## 8

## אלע טאג.

איינגענטליך האט די „פאסט“ אין דעם קליין־שטעטעלע געקענט זיך בעגעהען גאר אן א בריעפטרעגער, און דאס געלד וואלט בעסער צו ביץ געקומען אויף א גרעסערע שטוב פאר דער קאנטאר. די זאך איז גאר פראסט. די איינוואהער פון שטעד־טעל, וואס האבען געפיהרט א קארעספאנדענץ פלעגען זיך ניט קענען דערווארטען ביז דער בריעף־טרעגער וועט זיי דעם בריעף ברייגנען אין שטוב אריין, און אלע אין דער פריה, ווען די פאסט פלעגט נאר אנקומען, פלעגט שוין דער בריעפטרעגער געפינען אין קאנטאר א פאר מינינים אידען, ווייבער און קינ־דער אפילו, וואס האבען מיט גרוים אונגעדולד געווארט, ביז וואנען ער וועט עפענען דעם זאק, וואו עס ליגען די בריעף.

און חיענע, א יונג ווייבעל מיט א בלאס, דערשראקען פנים, פלעגט קומען נאך מיט א האלבע שעה פריהער, איידער די פאסט פלעגט אנקומען. זי פלעגט מורא האבען, טאמער וועט זי פערשפעטיגען און איהר זאל ניט אויסקומען צו ווארטען ביז צוויי א זייגער ביי טאג, ווען דער בריעפטרעגער, סטעפקע, טראגט ערשט די בריעף פונאנדער.

אויסער דער מורא צו פערשפעטיגען, האט זי גלאט א ווילדען חשק געהאט צו בעקומען דעם בריעף פאר אלעמען אין די אויגען, — זאלען אלע הערען, ווי דער בריעפטרעגער רופט הויך אויס: חיענע עווענציק! — און זאל מען ניט מיינען, אז איהר מאן, חיים, האט שוין טאקי אין אמעריקא א דייטשקע נעקראגען און האט זי, חיענען, שוין גאר אוועקגעווארפען.

וואס איז? זי האט דאך אמאל שוין בעקומען פון איהם צוויי בריעף, איינעם מיט געלד און דעם צווייטען מיט גוטע ווערטער — נישקשה, עס וועט נאך איהר אנקומען א בריעף, און שונאים וועלען נאך צופוקעט ווערען...

ווי אויף צו להכעיס אבער וויל איהר דער בריעפטרעגער קיין בריעף ניט אבגעבען, און א פערביטערטע, א צוקלעמטע געהט זי אוועק אלע טאג פון פאסט.

— רבונו של עולם! — טראכט זי מיט א פערבלוטיגט הארץ — אזוי פיעל בריעף איז היינט אנגעקומען, אפשר פיער־ציג! — ניט שוין דען איז פאר מיר דארטען קיין בריעף ניט געלעגען?...

און איהר דאכט זיך, אז סטעפקע איז א טריפה'נער ערל, אז ער האט מיט א כיון איהר בריעף, פאהרענדיג, ארויסגע־ווארפען אויפ'ן פעלד. וואס ארט עס איהם? אורזאכען צו חושד זיין איהם זיינען דא גענוג:

אפט, אז זי פרעגט איהם: „יעסט פיסמא“? ענטפערט ער איהר מיט א שמייכעל: „פישעטסיא“ — און דאס שמייכע־לע איז חיעשנען גאר ניט געפעלען. אויסערדעם, וואס דער ארו־מיגער עולם לאכט צופריעדען, און זי ווערט רויט פאר חרפה, ווערט נאך אבער גרעסער איהר שרעק. אז סטעפקע וויל איהר איהרע בריעף ניט אבגעבען.

און דאך געהט זי אלע טאג אויף פאסט און האט נאך די האפנונג ניט פערלארען.

אמת טאקי, ניט גרינג קומט עס איהר אן. יעדעס מאל אריינגעהן אין פאסט האט זי שפיכות דמים. די איבעריגע ווייבער, וואס האבען מאנען אין אמעריקא, קוקען אויף איהר מיט פעראכטונג. אויך מיר איין „אמעריקאנטע“! — ניט געהן אבער קען זי ניט — זי האט קיין כח ניט צו ווארטען ביז צוויי א זייגער. דא אין פאסט האט זי חאטש אן ענטפער: „ניעט“ אדער „פישעטסיא“, שפעטער ביי טאג, וועט זי דאס אויך ניט הערען, דעם בריעפטרעגער וועט זי אפילו ניט אנזעהן.

אט רופט אויס דער בריעפטרעגער: חאשע דובענציק — חיענען ניט א קלאפ אין הארצען, און עס רייסט זיך ווי אינע־וויניג עפעס אב — איהר קלינגט אב, אז דאס האט מען אויס־

געריפען חיענע עווענציק — „יא זדיעס״!... הייבט זי אן צו שרייען, ווי משוגע. דער עולם לאכט, דער בריעפטרעגער שמייכעלט און זאגט:

— ניע טעביע, גאלובושקא; טיעביע יעשצע פישעטסיא...

און דעם בריעף גיט ער אב ראשע רובענציק — א יונג ווייבעל מיט בליהענדע באקען, וואס דער מאן שיקט איהר אלע וואך א בריעף פון אמעריקא, און אלע חודש א 25־ער...

חיענע ווערט אין אזעלכע מינוטען ווי צוטומעלט און קוקט מיט זשעדנע בליקען אויף ראשען, וועלכע עפענט אויף דעם בריעף אויף פאסט טאקי און הויבט איהם אן שוין צו לייענען. חיענע רוקט אריין אין בריעף איהרע אויגען, ווי א הונגעריגער אין א שיסעל געקעכטס, ווען א צווייטער עסט... ראשע רוקט זיך אב מיט פעראכטונג און פערשטעלט דעם בריעף. חיענע זוכט עפעס א בעהאלטענע טהיר, וואו זי זאל קענען ארויס, אז קיינער זאל זי ניט בעמערקען, און פאר צוטומלונג ווענדט זי זיך צו ראשען און פרעגט מיט הכנעה:

— וואס שרייבט אייך אייערער?...

ראשע ענטפערט ניט און לייענט ווייטער און חיענעס הארץ בלוטיגט זיך...

און דאך געהט זי אלע טאג אויף פאסט... אלע טאג... ענדליך וועט זי איהר בריעף בעקומען... זי שרייבט זיך...

---

9.

### דער מאלער.

ער איז פארביינעגאנגען א גרויס־אלט־הויז אין א לאנגער, ארימער, רווישענדער גאס. ביי א טהיר פון א וואהנונג אין דער נידער איז געשטאנען א יונגע, ארימע פרוי מיט א קינד אויף די הענד, און ביידע, די מוטער מיט דעם קינד, האבען געקוקט

ערגיץ ווייט, ווייט, איבער די הויכע הייזער, איבער די קוימענס פון פאבריקען, איבער דעם געדיכטען שווארצען רויך, וואס האט פון די קוימענס זיך געטראגען...

און אין ביידענס בליקען האט זיך אויסגערוקט א שטום געבעט: גוואלד, נעהם אונז צו אהין, אהין, דא איז אונזער שווער, מיר ווע־רען דא דערשטיקט אהן לופט, אהן ליכט...

און אין די בליקען איז אזוי פיעל טרויער געלעגען, אזוי פיעל צער און בענקען, אז דעם מאלער'ס הארץ האט זיך אנגע־גאסען מיט ימים ווייכע געפיהלען.

— דאס איז דער עלענד אליין! — האט ער אין געדאנק גערעדט — ווי שעהן און ערהאבען, ווי רִיהרענד דאס בילד איז!... גאט מיינער...

ער איז בעגייסטערט געווארען. ער האט נאך אמאל אויפ'ן לעבענדיגען בילד א בליק געטהאן און האט די זעלבע בליקען בעמערקט, דעם זעלבען טרויער, דאס זעלבע בעטען זיך: אהין, אהין! און ווי געטריבען פון א געהיימע קראפט, איז ער אהיים אוועקגעלאפען.

— איך וועל בעשאפען אזא בילד! — האט ער הויך אויס־געשריען, אריינקומענדיג אין זיין ארבייט־צימער.

און דריי טעג איז ער ווי צום לייוואנט צוגעשמידט גע־ווען, דריי טעג האט ער ניט געגעסען, ניט געטרונקען, קיינעם ניט געזעהען, ער האט געוואלט בעשאפען פונקט אזא בילד, ווי ער האט אין דער ארימער רוישענדער גאס געזעהען.

און עס איז איהם געלונגען!

אז עס איז פערטיג געווארען, האט ער דערויף געקוקט מיט אינווענינגסטער שמחה, ער איז גליקליך געווען, זיינע אויגען האבען געשטראהלט, ער האט, דאכט זיך, ניט קיין בילד, נאר דאס גליק פאר זיך בעשאפען.

ער האט דאס בילד „עלענד" א נאמען געגעבען און האט עס אויף אן אויסשטעלונג אוועקגעשיקט.

די קריטיקער האבען דאס בילד בעמערקט, מען האט עס בעוואונדערט, דאס פובליקום האט זיך ענטציקט. א מבין און א רייכער דאצו האט עס פאר א סך געלד אבגעקויפט.

— איהר זענט אונשטערבליך! — האט איהם אויף מאר־גען א בעריהמטער קריטיקער געזאגט — אייער בילד וועט איי־ביג לעבען!

און דער מאלער איז ווי בעטרונקען פאר גליק געווען: ער האט אן אייביגעס בילד בעשאפען...

אז ער האט זיך אבער פון ערשטען גליק אביסעל אויסגע־ניכטערט, האט איהם א גיפטיגער געדאנק אנגעהויבען צו גאסט צו קומען.

— וואו איז די ארימע פרוי מיט'ן קינד?

שפעטער אביסעל איז דער געדאנק נאך גיפטיגער געווא־רען:

— דאס בילד אויפ'ן לייגוואנט איז אונשטערבליך — וואו איז אבער דאס לעבענדיגע בילד דארט אין דער ארימער גאס...

און דער געדאנק איז אלץ גיפטיגער און גיפטיגער געווא־רען, ער האט איהם רוהען ניט געלאזט, ער האט איהם שאפען ניט געלאזט...

און איינמאל האט איהם א ציה געטהאן אהין אין יענער גאס זעהען די ארימע פרוי.

נאר — אוי־וועה! די ארימע פרוי, וואס האט אזוי שעהן געקוקט אין דער ווייט, מיט איהר ארים, קליין קינד, איז שוין מעהר דארטען ניט געווען.

— וואו איז זי? וואו איז זי? — האט ער פערצווייפעלט נאכגעפרעגט וועגען איהר.

ווער ווייסט? — האט מען איהם קאלט געענטפערט.

— חא־חא־חא! — האט ער קומענדיג אהיים זיך ווילד פערנאנדערגעלאכט — דאס טויטע בילד אויפ'ן לייוואנט וועט אייביג לעבען און זי אליין, מיט'ן הארץ, מיט געפיהלען איז

פערשוואונדענע געווארען, קיינער ווייסט פון איהר געביין אפילו ניט, קייענר וועט אפילו איהר נאמען ניט וויסען... הא־חא־חא !..

---

10.

דער סטאטיסטיק.

דער הער ציפרין, א מענש אין די מיטעלע יאהרען, מיט א נאז, וואס זעהט אויס, ווי א 1, מיט אויגען, וואס זעהען אויס ווי צוויי נולען, בעשעפטיגט זיך ספעציעל מיט סטאטיסטיק.

ער קוקט אויף דער וועלט נאר פון סטאטיסטישען שטאנד־פונקט. מענשען אז און פאר זיך עקזיסטירען ניט פאר איהם. זיי דיענען איהם נאר אלס מאטעריאל פאר סטאטיסטיק. אפילו פרויען, דער שעהנער מין פון דער מענשהייט, וואס האבען אזוי גיט ליעב דאס חשבון'ען, — אפילו זיי זיינען פאר איהם אויף גאר געצייג צו זיין סטאטיסטישער קונסט: וויפיעל נקבות ווע־רען געבוירען אויף יעדע הונדערט זכרים, — און אויב די סטא־טיסטיק קומט אויס מיט דריי פרויען וועניגער פרעהט ער זיך זעהר, אמת ניט פון שנאה צו די פרויען, ער קען צו זיי קיין שנאה ניט האבען, ווייל ער קאן זיי גאר ניט, נאר פון דער חכמה אליין, פון חעם קונצשטיק, וואס אין אזא מין סטאטיסטיק שטעקט, און פון די נוצען, וואס די וועלט קאן דערפון האבען...

זאנסט בעציהט ער זיך צו זיין מיסיאן אונפארטייאיש: די פרעהליכע חתונה בעטראכט ער און נאטירט אין זיין ביכעל, ווי די טרויריגע לויה: מיט א שטענדיג גלייכער, זעהר אן ערנסטער מינע, פערשרייבט ער: „פארגעקומען 273 חתונות, געשטארבען 962, געבוירען 319".

„אויף 300 מענשען, וואס שלאפען אין בעטלער, געפינען זיך 90, וואס בלאנזשען אין די גאסען, נעבטיגען אונטער'ן הי־מעל: פון 2000, וואס זיינען קראנק געווארען אויף טיפוס, זיי־

נען געשטאָרבען 700. פון 12 טויזענד גאַסען־פּרויען, זיינען דאָ 8 טויזענד, וואָס בעגעהען די זינד אויס נויט".

מיט איין וואָרט, אַלעס איז ביי איהם אויסגעצעהלט. א זאַך, וואָס האָט ניט קיין בעוואוסטע ציפער, בעאונרוהיגט איהם. איהם דאכט זיך, אז אויב די צאַהל וועט ניט גענוי אויסגעפאָרשט ווערען, קאָן דערפון די גאַנצע וועלט ליידען. און ער טאָר דאָס ניט דערלאָזען — און ער נעהמט זיך צו צעהלען.

אָט געהט ער אין גאַס. עס וואָלט געווען א יושר צו מאַכען א סטאַטיסטיק, וויפיעל פרויען געהען מיט די מענער, וויפיעל אָהן די מענער... וויפיעל פאַר א טאָג לייזט די אידענע מיט די בילינע גאָשעריי, וואָס זיצט אויפ'ן שפּיץ טראָטואר. וויפיעל קאַטוילען, פאַרבייגעהענדיג דעם גרויסען קאָסטיאָל, נעהמען אראָב דאָס היטעל און צלם'ען זיך, און וויפיעל מאַכען זיך ניט זעהענדיג, ווי עס וואָלט געשטאַנען סתם א הויז, וואו קיינער וואָהנט ניט...

דערווייל אבער געהט ער דורך די בריק, וואו עס שטעהט א בעטלער מיט צוויי הילצערנע פיס. דער בעטלער, דערזעהענדיג ה' ציפרינען און ניט וויסענדיג, אז ער איז א סטאַטיסטיקער, מאַכט א וויינענדיגע מינע און שטרעקט אויס זיין האַנד מיט דעם היטעל.

ציפרין געהט פאַראיבער, מיט אמאל לויפט איהם דורך עפּעס אין קאָפּ.

עס האָט איהם בעהערשט גלייך א סטאַטיסטישע אידעע:

ער וועט שטעהן און קוקען, וויפיעל געבען יאָ און וויפיעל געבען ניט קיין נדבה.

ער ווערט סטאַטיסטיש בעגייסטערט, וואָס דאָס דריקט זיך אויס ניט אין א שמייכעל, נאָר פערקעהרט אין זעהר א שטרענגער מינע, ווי עס פּאַסט פאַר אזאַ וויכטיגע ארבייט, וואָס ער נעהמט איצט פאַר.

עס געהט איינער פאַרביי. דער בעטלער שטעלט אָן זיין

וויינענדיג פּנים, שטרעקט אויס די האנד מיט'ן היטעל. עס ווירקט אָבער ניט — יענער געהט פארביי, ווי ניט איהם מיינט מען גאָר.

— 1 — ניט! צעהלט ציפּרין אין געדאנק און נעהמט זיך ווידער נאָכצוקוקען.

ער צעהלט אַז ביז 9 — קיינער גיט ניט. ציפּרין איז זעהר צופריעדען: ער וועט דערפון מאכען גאַנצע קאָמבינאַציעס...

ענדליך געהט פאַראיבער א פרוי; זי שטעקט אריין די האנד אין קליידעל־טאַש, נעהמט ארויס פון דאָרט עפּעס א מטבע און ווארפט עס אריין דעם בעטלער אין היטעל.

— פון צעהן גיט איינע! — ציפּרין חאַפּט געשווינד ארויס דאָס נאָטיץ־ביכעל פון טאַש און וויל עס פערנאָטירען; נאָר באַלד פאַלט איהם איין א מעהר גליקליכע סטאַטיסטישע אי־דעע:

— ווער גיט מעהר: פרויען, צי מענער? — ער בלייבט שטעהן נאָך א לענגערע צייט און די סטאַטיסטיק קומט ענדליך אויס אזוי:

פון 100 דורכגעהענדע געבען א נדבה דעם הינקענדיגען בעטלער 7; פון די 7 זיינען 6 פרויען און 1 מאַנסביל.

ער פערנאָטירט עס און וויל שוין, א גליקליכער, אוועק־געהן. עס איז ווירקליך זעהר א בעלעהרענדע סטאַטיסטיק. ער האָפט, אז ווען ער וועט זי פערעפענטליכען, קאָן ער קונה שם זיין און אפשר נאָך בעריהמט ווערען.

פאַר גרויס גליק בעשליעסט ער צו געבען דעם בעטלער א נדבה. זאָל עס ניט הייסען, אז ער האָט עקספּלאָאַטירט, אויס־גענוצט א בעטלער.

ער לאָזט זיך געהן צום בעטלער.

פּלוצים האַלט איהם עפּעס אָב; ער הויבט אָן צו קלערען.

— אמת, איך בין נאָר א סטאַטיסטיקער, אָבער אין רעכ־נונג וועל איך דאָך געהן אלס מענש. אלזאָ וועט שוין די סטאַ־

טיסטיק אַנדערש אויסקומען, נעמליך: אויף יעדע 101 מענשען גיבען אַ נדבה דעם בעטלער 8: זעקס נקבות און שוין צ ו ו י י מאַנסבילען.

איהם ווערט עס קשה:

— וואָס הייסט? איך וואָלט דאָך איהם אַזוי, ווען ניט אַלס דאַנק פאַר דעם נוץ, וואָס איך האָב פון איהם, קיין נדבה ניט געגעבען, דאַרף איך דאָך אַליין אין רעכנונג ניט געהן.

— ניין! — חאַפּט ער זיך צוריק — ווי באַלד איך גיב, נישט קוקענדיג וועלכע סבה מיין געבען האָט אַרויסגערופען, דאַרף אויך מ י י ן נדבה אַריינגעהן אין די סטאַטיסטיק וואָרום — ערקלערט ער זיך ווייטער — ווען מען זאָל נעהמען קוקען אויף אורזאַכען אַליין, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז די אַלע, וואָס האָבען די נדבות געגעבען, האָבען דאָס אויך געטהאָן צו־ליעב פערשיעדענע סבות. די וויסענשאַפט אָבער רעכענט זיך ניט מיט אורזאַכען, נאָר מיט פאַרטיגע מעשים...

די לעצטע סברה לעגט זיך איהם אויפ'ן שכל, און ער וויל שוין דעם בעטלער געבען אַ נדבה. ער דערשרעקט זיך אָבער:

— אַלענפאַלס איז נאָך ביי מיר ניט קלאָר, צי איך דאַרף אַריינגעהן אין דעם חשבון, צי ניט. מיט מיין נדבה קאָן איך אויף אַזאַ אופן קאַליע מאַכען די סטאַטיסטיק. איך טאָר ניט געבען! — האָט ער שוין פעסט בעשלאָסען.

און אומזיסט האָט דער בעטלער מיט די הילצערנע פיס און דעם וויינענדיגען פנים געהאַלטען אַנגעגרייט זיין היטעל: קיין נדבה האָט ער ניט בעקומען. ציפערינען האָט אַפילו פערדראָסען, וואָס איהם קומט אויס אויסצונוצען אַ קאַליקען בעטלער, דער־פאַר אָבער, האָט ער זיך געטרייסט, וועט די סטאַטיסטיק זיין קלאָר...

## 11.

## דאס שליחות.

דער ווירטה פון גרויסען מאנופאקטור מאגאזין, רייכמאן, א הויכער דיקער איד, איז געשטאנען ביי דער קאסע און האט מיט גרויסער כונה געצעהלט פאפיערענע געלד; אז ער איז מיט'ן צעהלען פערטיג געווארען, האט ער געווארפען זיינע בליקען איבער'ן מאגאזין, ווי ער וואלט עמיצען געזוכט, און האט שגדליך א געשריי געטהאן:

—יוסף! — עס איז גלייך אונטערגעשפרונגען א יונג־בחור'ל פון א יאהר אכטצעהן־ניינצעהן. האט זיך אוועקגעשטעלט קעגען פרינציפאל און קוקענדיג איהם טיעף אין די אויגען אריין, האט ער ערווארטעט זיין בעפעהל.

— אט דא האסטו פינף הונדערט רובעל; נעם און טראג עס אוועק גרינפעלד'ן; ווייסט וואו?

— איך וויים... גרינפעלד! איך וויים. ראג דלוגא 17, כ'וויים, גרינפעלד... פון קליידער... כ'וויים!...

נאכ'ן ענטפער פון יונגען בחור האט דער הער רייכמאן פערשטאנען, אז ער איז איבערראשט פון אזא שליחות. ער האט שטאלץ געשמייכעלט און געזאגט:

— שוין טראג עס אוועק, נאר ענטלויף דער מיט נישט קיין אמעריקא! א קשיא אויף היינטיגע יונגאטשעס...

— איך וועל אין אמעריקא נישט לויפען, וואס פעהלט מיר ביי אייך?...

אויסערדענדיג מיט'ן פרינציפאל אזא לאנגע פראזע, וואס איז נישט שייך צום געשעפט, האט זיך יוסף'ן געדאכט נישט דרך־ארץ, און ער האט דאריבער, פערשעמט ווערענדיג, זיך ארויסגערוקט פון מאגאזין.

דאס געלד האט ער אריינגעלעגט אין בוזעם־טאש, די הוי־

זען־טאשען האט ער נישט געטרויט אזא פקדון און אפילו אין דער זיכערער טאַש האט ער אלע ווײַלע געקוקט די האנד זעהן, צי עס ליעגט, און עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי ער קראצט זיך.

„מען געטרויט מיר פינף הונדערט רובעל“! אט דאס איז געווען דער אקס, אויף וועלכען עס האבען זיך געדרעהט יוסף׳ס געדאנקען, טראגענדיג דאס געלד.

ער האט אין זיין לעבען „געלד־שמחות“ א סך געהאט, איין שמחה ווען נאכ׳ן דריי־יאהריגען אומזיסטען טערמין האט ער אנגעהויבען צו נעמען געלד — צעהן רובעל א מאנאט; ווייטער האט ער אמאל געהענדיג צעהן גולדען געפונען; היינטיגען ווינ־טער, חנוכה האט ער מיט א חברה „האנדעלס־אנגעשטעלטע“ אין קארטען געשפיעלט און האט געוואונען אכט גולדען, אבער יעצטיגע שמחה, נישט קוקענדיג, וואס דאס געלד איז פרעמדס, איז די גרעסטע ביי איהם. ער האט יעצט דערפיהלט אין זיך אזא קראפט, וואס ער האט קיינמאל, קיינמאל נישט געשפירט און אויף פיעל ארעמע פערבייגעהענדע האט ער געקוקט, ווי אויף קליינע ווערים: „אויף מיר נפשות! פינף הונדערט רובעל!“...

„איצטער קען איך ערשט אנהייבען וואקסען“! האט זיך צווישען זיינע געדאנקען א נייער אריין געדרעהט — איך בין שוין א מענש ווער ווייס? אפשר וויל „ער“ מיר מאכען פאר׳ן עלטסטען אנגעשטעלטען“!...

ער וועט דאס, קומענדיג ביי נאכט פון געשעפט, דערצעהלען זיין חבר חיים׳ן — זאל ער וויסען! ער בעטראכט זיך אבער, אז חיים וועט איהם נישט גלויבען. איהם מאהלט זיך שוין פאר די אויגען, ווי חיים שמייכעלט איראניש און זאגט: אפשר גאר א מיליאן וועסטו זאגען?...

און עס כאפט איהם אן א ווילדער פערלאנג ש ו י ן אריין לויפען אויף א מינוט צו חיים׳ן און ווייזען איהם — זאל ער זעהן!...

חיים, יוסף׳ס חבר, זיצט שוין צוויי מאנאטען אהן א שטע־לע, זיין ווירטה האט באנקראטירט.

— „חיים״! — גיט יוסף א געשריי, אריינלויפענדיג אויף זיין ארעמער קווארטיר, א קליין צימעריל ערגעץ. — חיים, ביזט דא?

— וואס איז? — פרעגט חיים מיט א שוואכען, טרויריגען קול — האסט פאר מיר אפשר א שטעלע?

— ניין! — האקט יוסף אב, — איך האב אזוי זיך גע־וואלט דיך זעהן, פרעגען וואס דו מאכסט...

— עט, וואס זאל איך, ברודער, מאכען? נישטא קיין גראַ־שען ביי לייב און זעעל, איך וויים גאר נישט וואס וועט זיין דער סוף, כאטש לעג זיך און שטאר!

יוסף קוקט אויף חיים׳ן און קען נישט עפענען דאס מויל צו דערצעהלען איהם דאס פרעהליכע נייעס, און ער בעשליעסט זיך שוין ארויסצוגעהן און נישט בעריהמען זיך, נאר חיים שטעלט איהם אב:

— ברודער לעבען! האסט אפשר א זעקסעריל ביי זיך... אויף פאפיראסען... איך שטארב רויכערן...

— א גראשען נישט... — ענטפערט יוסף — א גראשען נישט!...

— זאגסט נישט קיין ליעגען?

— זאל איך דאס, ברודער־לעבען, פערקרענקען, וואס איך האב ביי זיך... — שווערט יוסף מיט הארץ.

און ארויסלויפענדיג פון חיים׳ען איז יוסף אומעטיג גע־ווארען און האט געמורמעלט:

— געה זיי גליקליך, ווען יענער איז אזוי אויף צרות...

---

## 12.

## דער הייליגער.

א שווערע צייט איז דאמאלס אין דער ארגאניזאציע געווען. מען האט געדארפט איבערפיהרען „ליטעראטור“ אין די ארומיגע שטעדטלעך און מען האט איינעם נאכ'ן אנדערען ארעסטירט אויף די וואקזאלען. עס האט ניט געהאלפען קיין שום קאנספיראציע, פונקט ווי די מיאוסע זשאנדארען וואלטען אין הימעל א שר געהאט און יענער וואלט אלץ אויסגעזאגט.

נאכדעם ווי מען האט א פינף חברים ארעסטירט, האט די ארטיגע ארגאניזאציע געמאכט א פערזאמלונג צו בעטראכטען אן עצה.

עס האט זיך ארויסגעשטעלט אז דאס גאנצע אומגליק בעשטעהט אין דעם, וואס יעדער חבר גיט זיך אליין ארויס מיט זיין אויסזעהען און מיט זיין הילוך, און מען האט אריינגעטראגען א פארשלאג, אז בשעת מען פיהרט „ליטעראטור“, מוז מען מתיר מאכען און אנשטאט א בלוזע טראגען א ווייסע מאנישקע מיט א קראגען.

מען האט גלייך איינעם פון די געגאסען געשיקט אין א גאלאנטעריע־געשעפט צו קויפען א פאפירענע מאנישקע מיט א פאפירענעם קראגען און מען האט געווארפען גורל ווער עס זאל עס אנטהאן לשם קאנספיראציע.

דער גורל איז אויסגעפאלען אויף חיים „דעם אינטעליגענט“.

— אוי וועה! — האט ער אויסגעשריען, דערהערענדיג דעם פינסטערען גורל, און מיט א מינע פון א פער'משפט'ען, האט ער זיך גענומען אנטהאן די מאנישקע מיט'ן קראגען.

נאטירליך איז עס ביי איהם ניט אזוי גוט געגאנגען, און דריי חברים זיינען איהם געקומען צו הילף.

נאכדעם ווי ער איז שוין געשטאנען אנגעטהאן און האט אויסגעזעהען ווי א חתן, האט דער עולם איהם בעטראכט.

— אצינד וועט מען איהם ניט ארעסטירען! — האט איי־ער געזאגט. ער זעהט אויס ווי א בעל־הבית׳יש בחור׳ל.

— צו מאגער זעהט ער אבער אויס, — האט א צווייטער בעמערקט. — דאס איז אויך זעהר פערדעכטיג.

— נו, דערצו איז שוין קיין מיטעל ניטא! — האט א צווייטער נעענטפערט.

דער פארזיצענדער האט אבער דארויף זיך אבגערופען:

— מיר דאכט, אז עס וואלט געווען צוועקמעסיג צו האָבען אין דער ארגאניזאציע א מיטגליעד, וואס זאל אין גאנצען אויסזעהען ווי א בורזשוי. מיט אזא וואלט שוין קיין דורכפאל ביין איבערפיהרען ליטעראטור ניט געשעהן.

— ווארזשע נעהמט מען א בורזשוי צווישען אונז? — האט איינער טיעפזיניג געפרעגט.

און א צווייטער האט איבערגעשלאגען:

— וואס הייסט, וואו נעהמט מען? אוז אז דו וועסט יא נעהמען, וואס טויג אונז א בורזשוי? ווי קען מען א בורזשוי אנטרויען קאנספיראציע?

דאן האט דער פארזיצענדער ערקלערט:

— מען מיינט ניט, נאטירליך, קיין בורזשוי ממש. מען דארף נאר האבען אזא, וואס זעהט אויס ווי א בורזשוי. ער דארף אבער, נאטירליך זיין אונזערער א טרייער פארטיימאן. אזוי ווי אבער ביי אונז זיינען קיין בורזשויען ניטא, דארף מען אזא מין זעהן אויסארבייטען, פראדוצירען, הייסט עס.

די איבעריגע מיטגליעדער האבען דעם פארזיצענדען ער־שטוינט אנגעקוקט.

— וואס הייסט?

דער פארזיצענדער האט ערקלעהרט:

די זאך איז איינפאך. מיר מוזען האבען אזא מיטגליעד

אין אונזער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען פראַנק און פריי ארומפּאַהרען איבער די באַהנען, זיך געפינען אויף פערשיעדענע וואָקזאַלען און זאָל האָבען א מאָוס אויסזעהן, דאָס הייסט אַן אויסזעהן פון א קאָמי־וואָיאַזשאָר...

— פוי! — האָבען די מיטגליעדער אויסגעשפּיגען.

— פוי היינט, פוי מאָרגען! מען מוז! אַנדערש קען מען ניט טראַנספּאָרטירען קיין ליטעראַטור. די פראַגע איז אָבער, ווי אַזוי ערציהט מען אַזא מין נפש? אום אויסצווזעהן ווי א קאָמיוואָיאַזשדזשאָר דאַרף מען האָבען אַן אָבגעגעסענעם פּנים, דערצו פּאָדערט זיך עסען אַלע טאָג א גוטען מיטאָג. היינט פרעגט זיך, צי וועט זיך געפינען צווישען אונז אַזא מאָוסע בריה וואָס וועט זיך שרלויבען, אין דער צייט ווען אַרבייטער הונגערן און לעבען אין דחקות, זיך אָנטהאָן וואוילטאָג, כדי צו בעקומען א פּאָר שעהנע באַקען.

— נעווים ניט!... — האָבען אַלע ווי איינער אויסגעשאָסען.

— און דערצו — האָט דער פּאָרזיצענדער פּאָרטגעזעצט— פּאָדערט זיך נאָך צו רויכערן א גוטען סיגאַר, שטעהען אין א ליכטיגען רייכען צימער אין א האָטעל. געפינענדיג זיך אויפ'ן וואָקזאַל, מוז מען שטענדיג זיצען אין ערשטען קלאָס צווישען גראָבע, אָבגעגעסענע בורזשויען...

— אוי, ווי עקעלהאַפט! — האָבען אַלע חברים אויסגעשאָסען.

— אויסער דעם — האָט דער פּאָרזיצענדער ווייטער גערעדט, — מוז מען אויף יעדען אָרים־געקליידעטען, אויף יעדען הונגעריגען קוקען פון אויבען אראָב, מיט פעראַכטונג.

— ניין, פאַר קיין פאַל ניט! — האָבען אַלע בייז אויסגעשריען.

— אַלזאָ געפינט זיך צווישען אייך קיינער ניט, וואָס וויל זיך אונטערנעהמען שפּיעלען די דאָזיגע ראָלע?

— קיינער ניט! — האָבען אַלע ווי איינער געענטפערט...

נור פלוצים האָט זיך איינער אויפגעשטעלט און מיט פרום־פערגלאָצטע אויגען האָט ער געזאָגט:

— איך טהו עס פון דער פארטיי וועגען... איך נעהם אָן דעם פאָרשלאָג צו לעבען אַ גוטען טאָג...

די מיטגלידער האָבען זיך איבערגעקוקט און איינער דעם אנדערן האָט אויסגעדריקט זיינע התפעלות פון אזאַ חבר, וואָס וויל זיך אזוי ווייט אויפאָפפערן פאר דער הייליגער אידעע, און ער איז געוואָרען פערדעכענט פאר אַ הייליגען...

# די לשון־קודש׳דיגע.

(א שפּאַס).

1.

ער איז געווען א ציוניסט און א לעהרער פון לשון־קודש.
זי איז געווען סתם א בעל הבית׳יש מיידעל, אויך א ציוניסטקע און האָט אויך געקענט לשון־קודש, כאָטש קיין לעהרערין איז זי ניט געווען.

בעקענט האָבען זיי זיך אויף דער ערשטער פערזאַמלונג פון דער חברה „דוברי עברית".

קיין שעהנע מיידעל איז זי ניט געווען, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען א ציוניסט און א העברעאישער לעהרער האָט ער אויף שעהנקייט ניט געקוקט. ער איז געוואָרען ענטציקט פון איהר לשון־קודש רעדען.

— העלמה דוברת צחות בשפת קדשנו — האָט ער איהר געמאַכט א קאָמפּלימענט.

זי איז רויט געוואָרען און האָט געענטפערט:

— גם האדון דובר צחות בהשפה היחידה והשרידה...

2.

זיי האָבען זיך פערליעבט און האָבען א נדר גענומען צו רעדען שטענדיג לשון־קודש. צו זייער דיענסט איז געווען דער שיר השירים. גאַנצע פּסוקים פלעגען זיי ניט קאַרגען, אויסצודריקען זייער ליעבע איינער צו דעם אַנדערען.

ביז אין א העלען פריהמאָרגען האָט זיך דער שיר השירים אין גאַנצען אויסגענומען...

האָבען זיי אָנגעהויבען אויף דאָס נייע.

ביז דער שיר השירים האט זיך א צווייטען מאל אויסגע־
נומען.

האבען זיי ווידער אנגעהויבען אויף דאס ניי.

— לבבתיני אחותי כלה באחת מעיניך! — פלעגט ער
איהר זאגען.

— דודי צח ואדום! — פלעגט זי איהם ענטפערען.

— שובי, שובי השולמית! — פלעגט ער זי אמאל רופען.

— אני לדודי ודודי לי! — פלעגט זי איהם ענטפערען.

אזוי האבען זיי זיך אויסגעלערענט דעם גאנצען שיר
השירים אויף אויסווייניג...

3.

זיי האבען חתונה געהאט — און האבען געגעסען קעסט
ביי איהרע עלטערען.

דעם שיר השירים האבען זיי נאר גענוצט דעם ערשטען
מאנאט. שפעטער האבען זיי שוין גערעדט מיט'ן לשון פון אהבת
ציון, אשמת שומרון.

נאך שפעטער האבען זיי גענוצט דעם חומש.

זיי זיינען אראב פון קעסט.

די לשון קדש'דיגע ווייבעל האט זיך גענוצט כעהמען אליין
פיהרען דאס הויז.

דער לעהרער פלעגט קומען שפעט. נאך דער חתונה האט
ער געמוזט נעהמען מעהר אורעקען.

— הנני רעב ככלב... פלעגט ער אויסרופען אביסעל בייז.

— אוי ואבוי לי! — פלעגט זי איהם מיט אנטהייל ענט־
פערען.

4.

עס איז פערגאנגען א יאהר.

ער האט ליעב געהאט בעבלאך, האט ער אבער ניט גע־

וואוסט ווי אזוי זאגט מען אויף לשון קודש בעבלאך. האט ער נעביך געמוזט עסען אלע טאג פעריל־גרויפען. איינמאל האט ער זיך פערלאזען אויף גאט׳ס בעראט און האט איהר געזאגט:

— עשי מטעמים כאשר אהבתי!

און אז זי האט איהם גע ׳עגט וואס? — האט ער גע־ענטפערט:

— לפת.

איהר האט מען אמאל געטייטש: לפת — מעהרען. האט זי איהם געמאכט א מעהרען־צימעס.

ער איז געווארען בייז.

— בחול מעהרען־צימעס!... לא נאה...

— הלא אמרת לפת! — האט זי זיך געוואונדערט.

— לפת!... לפת!... — האט ער געקריצט מיט די ציינער— הלא לפת בעבליך בלע"ז...

האט זי אבער גע׳טענה׳ט, אז לפת איז מעהרען.

איז ער נאך בייזער געווארען: סטייטש, ער איז א העברע־אישער לערער, קומט זי און מאכט איהם פאר אן עם־הארץ! און ער האט דעם ערשטען מאל אויסגעשריען מיט א פסוק פון איוב. (ביז אהער האט ער איוב קיינמאל ניט גענוצט.)

דער פסוק איז געווען א הארבער. אלענפאלס נאך שיר השירים האט ער שלעכט געקלונגען. זי האט איהם געוואלט אויסזידלען האט זי ניט געוואוסט ווי אזוי מען זידעלט אויף לשון־קודש. האט זי א געשריי געטהאן מאמע לשון:

— ביזט א שטיקעל משוגענער.

— און דו ביזט א נארישע אידענע — האט ער געענטפערט צוריק מאמע־לשון.

און פון דאמאלס אן רעדען זיי אידיש...

# די ריהרענדע דרשה.

דאס שטעדטעלע ק. האט געהאט מזל צו מגידים: עס פלעגט ניט אוועק די וואך, איבערהויפט ווינטער־צייט, אז עס זאל ניט קומען אהין א מגיד און בעגליקען עס מיט א פיער־פינף דרשות. די טהירען פון גרויסען בית־המדרש זיינען געווען פערשמירט גראב מיט מודעות, וועלכע פלעגען זיך אנהויבען מיט איין נוסח: „היום ידרוש“; און די שטאדט־גויה, וואס פלעגט וואשען אלע ערב־פסח די טהירען פלעגט נעבעך געניג בעדאר־פען הארעווען אום אבצושייערען די איינגעגעסענע פערטריקענ־טע קליי, וועלכע מען האט געשמירט פון דער פולער האנד אויף קהל'שע הוצאות.

דאס שטענדיגע הערען מגידים האט זעהר שטארק אויס־געפיינערט און ענטוויקעלט דעם געשמאק ביי די צוהערער: עס האבען זיך בעוויזען אין שטעדטעל בעזונדערע טאלאנטען קריטיקער, וואס פלעגען מיט גרויסע געפיהל און בריה־שאפט אבשאצען יעדען מגיד נאך זיין ווערט. די קריטיקער פלעגען האבען א גרויסע ווירקונג אויפ'ן איבעריגען עולם, און מען האט גע־דארפט דערום האבען א שטארקע קראפט צו קענען „נעהמען“ דעם ק.־ער עולם. זיי פלעגען זיך ניט שעהמען אויסצוזעצען פעה־לער אין אזעלכע מגידים ווי דער „סקידלער“, דער „ווידלער“, וואס זיי האבען אנגעמאכט א גרויסען רעש „אויף דער וועלט“, ווי עס איז בעוואוסט פון די גאזעטען. אויפ'ן גרויסען מטיף, ליע־בערמאן, וואס מיט איהם האט ממש געקלונגען, האבען זיי נאר בעמערקט, אז ער זאגט „ניט שלעכט“, אבער ניט נתפעל געווא־רען — זיי האבען בעסערע געהערט!...

מאוס פלעגט דארט, נעבעך, אבשניידען א מגיד פון די „פוס־געהער“. וואס פיהרען זייערע דרשות צו פוס: שווער פלעגט איהם אנקומען ביז וואנען ער פלעגט פועל׳ן ביי׳ם שמש צו „זאגען“ און אויף מארגען פלעגט איהם דערזעלבער שמש, אפילו ניט מחילה בעטענדיג, גאר אפען איבערגעבען אז דער עולם פערלאנגט ניט מעהר זיינע דרשות. דערביי פלעגט ער איהם אין האנד ארייננרוקען א פאר גילדען, וואס האט זיך אויפגעקליבען אין דער „קערה“. אויב דער מגיד פלעגט האבען די העזה, נאך אזא קליינעם שכר־תורה, זיך א קרים צו טהאן, פלעגט איהם דער שמש ענטפערען: דאס שטעדטעל איז גרויס. דאס איז געווען דער פשט: „איהר קענט נאך געהן איבער די הייזער“...

איין מאל אבער האט געטראפען, אז איינער פון די סארט מגידים פון די „פוס־געהער“, האט אנגעמאכט גאר א גרויסען רעש מיט זיינער א דרשה. ער איז געקומען ווינטער, אין האלב־שבט, מאנטאג פריה נאכ׳ן דאוונען. ער איז אריין אין גרויסען בית־מדרש אהן א פעקעל. ווער ווייסט וואו ער האט עס אין שטעדטעל איבערגעלאזט. נאר דער שמש, וועלכער איז געווען געניט אין מגידים, האט מיט׳ן ערשטען קוק פערשטאנען, אז דאס איז ניט פון די געהויבענע מגידים, געווים א „פוס־געהער“, און ער האט זיך אויף איהם אפילו נישט אומגעקוקט. דער מגיד האט זיך ארום איהם געדרעהט, אונטערברומענדיג עפעס א טרויריג גמרא־נגונ׳דעל. עס איז געווען קענטיג, אז ער וויל זיך פארשטעלען פאר׳ן שמש, נאר ער ווארט, אז פריהער זאל איהם דער שמש געבען שלום. אבער דער שמש האט זיך קאלט־בלוטיג געטהאן זיינע ארבייט: פערשלאסען די ספרים שראנ־קען, אויסגעלאשען די לאמפען, אויסגעזידעלט א פאר יונגע ישיבה־בחורים, וואס זיי רויכערן און אויפ׳ן אורח זיך אלץ ניט אומגעקוקט. און דער אורחה האט זיך אלץ אומגעדרעהט און אומגעדרעהט, ברומענדיג זיין גמרא ניגונ׳דיל... ענדליך האט

דער אורח נישט אויסגעהאלטען, ער איז שטיל צוגעגאנגען צום שמש און שוואך ארויסגערעדט:

— שלום עליכם... איך בין א מגיד —

— עליכם שלום, — האט דער שמש איהם קאלט געענט־פערט און געוואלט אוועקגעהן.

— וואס, מען וועט קענען זאגען? — האט דער מגיד פער־האלטען דעם שמש מיט א פראגע.

— דאס וועל איך זעהן שפעטער, מנחה־צייט, האט דער שמש מיט א טאן פול גרויסקייט געענטפערט.

אבער דעם מגיד, וועלכער איז שוין אביסעל שטאלצער גע־ווארען דערהערענדיג אז א האפענונג איז פארהאן, האט זיך געשטעלט ברייט:

— איהר דארפט וויסען אז איך האב יענע וואך געזאגט אין מינסק און גאט צו דאנקען איך האב דארטען „נושא־חן" געוועזען, איך בין ניט חלילה פון די גראשענע מגידים...

— אויב אזוי, — האט דער שמש געענטפערט ווייכער שוין, — קענט איהר „זאגען", ממה־נפשך דער עולם וועט הערען.

און באלד איז שוין געוועזען אויפ'ן טהיר צוגעקלעפט א מודעה „היום ידרוש" א. ז. וו.

נאך מנחה האט זיך שוין דער עולם צוזאמען געקליבען פון אלע קלייזלעך — אין גרויסען „בית־מדרש".

נאך מנחה, איז דער מגיד ארויף ווי דערשראקען אויפ'ן בימה, א קוש געגעבען דעם פרכת, א בלעטער געטהאן דאס ספר'ל, וועלכען ער האט מיטגענומען און האט מיט א שוואכען ניגון א זונג געטהאן:

— „רבותי! שלמה־המלך קומט צו געהן אין משלי און זאגט אזוי:

דער מגיד האט געמאכט שלמה־המלך ווי דער אמת איז פאר א גרויסען חכם, נאר אויפ'ן פסוק האט ער אנגעפרעגט פינף הארבע קשיות און אום זיי צו פערענטפערען, האט ער געבראכט

א מדרש, א צוויי אגדתות, דריי „רבי־בר־בר־חנא“, א שטיק פון „יערות־דבש“ ער האט אלץ געמישט און געמישט, נאכהער האט ער געבראכט א משל פון א בן־יחיד, וואס איז געפאהרען למדינת־הים. בכלל האט ער די דרשה אנגעצויגען אויפ׳ן הויכען שניט, ער האט ערטערווייז פערטראגען צו גרויסע מגידים. נאר דער עולם האט עפעס די דרשה ניט גענומען, עס איז שווער געווען צו דערקלערען די סבה דערפון: צי דער ניגון איז זיי נישט געווען געפעלען צי אפשר איז געווען שולדיג אין דעם זיין בארד. זיין ניגון איז געווע׳ן שמיל, נאר גענוג טרויעריג, און איז אריינגעפאלען ערטערווייז אין א עכט אידישע הייזעריגקייט; די בארד זיינע איז טאקע געווען ניט קיין שעהנע, ניט קיין לאנגע בארד פון א מגיד, ווי דער עולם האט ליעב. די „צוהערער“ האבען מינוטענווייז פערלארען אלץ מעהר דאס געדולד, אויפגעהערט צו קוקען איהם אין מויל אריין און די „קריטיקער“ האבען זיך צוּ־ווארפען מיט מיינונגען:

— גאר ניט קיין זאגער.

— נישטא וואס צו הערען.

— ער האט גאר קיין צונג ניט.

— ער האט גאר קיין קול נישט.

— ער פלוידערט.

— עט...

און אין בית מדרש האט אנגעהויבען צו זומען, וואס ווייטער אלץ שטארקער, ביז עס איז איבערגעגאנגען אין א גערודער. איינינגע וואס שטעהען נאהענט נעבען בימה, רוקען זיך צוריק, צוריק, און ארום דעם מגיד ווערט אלץ מעהר ליידיגער פלאץ, אט איז שוין א שטיק קיילעכדיגער פלאץ לעדיג... הינטען רודערט, דער שמש פאטשט...

און דער מגיד שטעהט אויפ׳ן בימה א דערשראקענער: דאס גערודער, דאס פונאנדערגעהן זיך, דאס פאטשען פון שמש שלאגט איהם אראב פון וועג און ער טומעלט זיך אין די רייד:

אַנשטאָט שלמה המלך זאָגט ער דוד המלך, אַנשטאָט „דער מדרש" זאָגט ער „דער זהר" און פערקעהרט, ער פערכאַפּט זיך צוריק, נאָר דאָס פערבעסערט נישט, עס ווירקט נאָך ערגער אויפ'ן עולם, וואָס האָט ליעב עס זאָל געהן גלאַט; ביסלעכ־ווייז צוגעהט זיך דער עולם, די נעהנטערע רוקען זיך אָב, אַנ־דערע געניצען... דער גבאי זאָגט דעם שמש אויפ'ן אויער: שוין צייט מעריב צו דאַווענען, נאָר ער זאָגט עס אזוי שטיל, אז דער מגיד הערט עס... אפילו דער אלטער משה דער קרעמער וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען איין דרשה נישט דורכגעלאָזט, וואָס שטעהט שטענדיג הארט נעבען בימה און קוקט אין מויל אריין יעדען מגיד און האַפּט אונטער בעקאַנטע ווערטער פון פּסוקים, וועלכע דער מגיד ענדירגט ניט, פערלאָזענדיג זיך אופ'ן עולם'ס לומדות, אפילו ער גיט אויך אַ געניץ דעם מגיד גלייך אין מויל און ריקט זיך אָב ניט ווענדיג אַ שטיק ווייטער.

און די דרשה ווערט אַלץ מעהר אָבגעריסען און צופלאָנ־טעט. דער מגיד שטעהט דערשראָקען. עס איז קענטיג, אז ער זוכט אַן עצה, ווי צו בערוהיגען דעם שטורם, ער איז מבטיח, אז באלד איז ער מסים, נאָר ער קען נישט ארויסקריכען, ער האָט זיך צו שטאַרק פערדרעהט אין פּסוקים, אגדתות און מדרשים, קענטיג ניט נאָך זיין כח... דער טומעל וואַקסט, אָט דאכט זיך שפּרינגט ארויס אַן עזות־פּנים און שרייט: גענוג שוין — מ'דאַרף שוין מעריב דאַווענען... דער מגיד מאַכט מיט די הענד, וואַרפט זיך אום אין אַלע זייטען, ווי ער וואָלט עפּיס זוכען אַ וואָרט, וואָס זאָל קענען פערהאַלטען און בערוהיגען דעם עולם, זיי זאָלען איהם אויסהערען... זיי זאָלען זיך ניט צוגעהן... נאָר נישטאָ אזאַ וואָרט!...

פּלוצים האַקט זיך אָב די דרשה, דער מגיד ווישט זיך דעם שוייס און קוקט מיט שטאַרע בליקען אופ'ן עולם, און באלד ברעכט ער אוירס איבער'ן בית־מדרש מיט זיין פערצווייפעל־טער הייזעריגער שטימע: רבתי! איך בין אַ איד פון אכט

קינדער, איך בין שוין פון דער היים אַ יאָהר, איך האָב זיי געלעזאָן אַהן אַ גראָשען געלד... זיי הונגערען דאָרטען אַוודאי. רבותי, רחמנים בני רחמנים, האָט רחמנות אויף אַ טאַטען פון אַכט קינדער...

אין בית־מדרש איז שטיל געוואָרען ווי אויף אַ בית־עולם. אַ שוידער איז דורכגעלאָפען יעדערן איבערן לייב. צייט מגידים האָבען דאָ געזאָגט האָט נאָך קיינעם אַזוי נישט געראָטען צו ווירקען אַזוי שטאַרק אויפ'ן עולם. אפילו דער רב, וואָס איז בטבע אַ שונא מגידים, וואָס שלאָפט שטענדיג אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ'ן סטענדער, ווען דער מגיד זאָגט, האָט זיך דערפון אויך אויפגעחאַפּט, ארוים געלאָזען אַ טיעפען זיפץ, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געמורמעלט: נעביך, נעביך...

און איין קריטיקער האָט מיט אומעטיגע בליקען אַ קוק געטהאָן אויפ'ן צווייטען און געפרעגט:

— האָסט געהערט?

— יאָ, האָט יענער טרויעריג געענטפערט.

— נו, אַ וועלטעלע, האָט אַ דריטער געזיפצט... — און דאָרט הינטערן בימה, וואו די קערה שטעהט, איז געוואָרען אַ שטופעניש. דאָס האָט יעדער זיך געשטויסען צו דער קערה אריינוואַרפען זיין נדבה פאַר'ן מגיד. עס זיינען געפלויגען גריוונעס, גילדענס און פערציגערס, ווי די טויבען...

און אויף מאָרגען זיינען צוויי שעהנע בעלי־בתים ארומגעגאַנגען איבער'ן שטעדטעל צוזאַמען קלויבען געלד; עס איז פאַר זיי געווען נור אויסצורעדען, אַז עס איז פאַר'ן נעבעכדיגען מגיד, אַז מען זאָל זיי שראַגען די נדבה אַנטקעגען. די שענסטע נדבה האָט געגעבען יענער „קריטיקער", וואָס האָט נעכטען געזאָגט אויפ'ן מגיד, אַז ער פּלוידערט. אריינקוקענדיג צו די נביאים אין דאָס רויטע פּאַטשיילכען, וואו דאָס געלד איז געלעגען, האָט ער מיט הארץ געזאָגט:

— עס איז אַ יושר אויפצוקלייבען וואָס מעהר; מילא

קען ער ניט זאגען, אבער א רחמנות איז דאך. פארט, א איד א למדן — איהר ווייסט — האט ער געענדיגט צוהיצענדיג זיך אביסעל — איך וואלט וועלען, אז היינט זאל מען מיר איהם שיקען אויף וועטשערע. איך וואלט זיין זעהר צופרידען!

— ניין! — האט איין גבאי געענטפערט, — יענקיל לייבעס האט שוין פערבעטען, נאך אין דער פריה ביים דאווגען.

יענקעל לייבעס איז דערזעלבער, וואס האט נעכ־טען אויפ'ן מגיד געזאגט אז ער האט גאר קיין מויל נישט. —

# אינהאלט:

מיניאטורען:

